דאָרע טייטלבוים

# אינמיטן וועלט



ניו-יאָרק, 1944

אינמיטן וועלט

# מאָביליזאַציע

(דער העלדישער סאָוועטישער פרוי)

ביט אין לירישן שלייער וויקל איך מיין ליד.
ביט איצט, אַ ביט איצט.
איך האָב מיין ווייבלעך האַרץ פאַרשלאָסן אין אַ גרינעם סאָלדאַטסקן
שינעל,
דעם זיפּער פאַרצויגן ביז אַראָפּ:
אויף מיין גאַנצער מיידלשער צאַרטקייט
האָבן די שאַרפע ציין פון דער צייט איינגעקריצט: ס אָ ל ד אַ ט.
איצט איז מיין קאָפּ דאָס אויג פון האַרמאַט.
שטיי איך זייט־ביי־זייט מיט צייט,
גרייט אין קריג צו גיין, און גייענדיק
נעם איך מיט מיט זיך
אַלץ וואָס אָטעמט, אַלץ וואָס בליט —
ווען ערד און זון איז טייער —
אַלץ —
וועל איך מיטנעמען מיט זיך אין פייער.
אַלע וועלדער וועלן מיט מיר מיטגיין, אַלע פייערדיקע בערג,
אַלע טייכן, אַלע ים'ען — אַלץ וועט גיין אין קריג.
אַלץ וויל פאַרן לעבן גיין אין שלאַכט.
וועלן מיר אינאיינעם אָנצינדן אַ נייעם פראָנט —
אויף מיין שטילן, בלויען האָריזאָנט:
אין אונדזער גאַנג וועלן מיר אָפּווישן אַרמייען,
ווי דער ליכטיקער באַגינען ווישט אַראָפּ
די לעצטע שאָטנדיקע טריט פון דער באַזיגטער נאַכט.
מ י ר וועלן זיגן! —
ס'האָט נאָך קיינער דעם פרילינג פונעם יאָר ניט אויסגעריסן,
ס'האָט קיינער נאָך
דעם לעבעדיקן נאָפּל פון דער ערד ניט אָפּגעביסן,

# דאַרע טייטלבוים

און ס׳האָט קיינער נאָך אַ רעגנבויגן אויף פּאַסן ניט צעריסן,
און ס׳האָט קיינער נאָך ניט אָפּגעשטעלט דער צייט׳ס עקספּרעס.
מיר וועלן זיגן!
אונדזער ציל, ווי אונדזער זיג,
איז ווי דער העכסטער הימל קלאָר.
מיר וועלן זיגן — ווי עס זיגט דאָס נייע
איבערן אַלטן יאָר.

## אינמיטן וועלט

# אַ מתנה צו אַ רויטאַרמייער

איך שיק דיר אַ שניי־ווייסן סוועטער,
ברודער מיינער,
טאַטע מיינער, חתן מיינער.
מיטן גלויבן פונעם גאַנצן פאָלק האָב איך דעם וואָל געשפּינט
און אים געוויקלט אויף לעבנס פאַרהאַרטעוועטע רעדער.
מיין גאַנצע ליבע צו דעם לעבן האָט געברענט אין מיינע הענט,
ווען איך האָב דעם סוועטער געוואַשן, געשטריקט
און געטריקנט
אין האַריקן ווינט.
די ווייסלען פון מיינע אויגן
זיינען אין דער ווייסקייט פון דעם וואָל — ווייס און קלאָר
ווי מיין באַוואוסטזיין.
דערקענסט אַ טרער? אָ, נישט פון טרויער:
אַ ליבער צאַפּל פון מיין האַרץ — וואָס איך וויל עס זאָל גרייכן
דיין אויער.
דער סוועטער איז ווייס — אַן אַנדייט אויפן ליכטיקן באַגינען.
דער שטערן רויט — אַנשטאָט אַ רויז —
פון זון און פון פרייד אויסגעזייט,
אויף דער ברוסט, וואו עס קלאַפּט מיט זיג דיין האַרץ —
דער שטאָלענער זייגער פון דער צייט —
וועסטו אַ קעשענע געפינען.
אין קעשענע — אַ בייגעלע פּאַפּיר
מיט פינף פינגער־צייכנס פון מיין רעכטער האַנט —
אַ שטיק געשיכטע פון מיין פאָלק.
און רויט איז עס — ווייל דאָס בלוט פון פאָלק איז הייס.
דאָס לאַנד איז פול מיט האַס צו דיינע שונאים.
אַפן ברענט דער האַס
אויף יעדן פּנים.

# דאָרע טייטלבוים

מעסט איך דיר אָן מיט מיין אייגן האַנט דעם סוועטער,
און דו ביסט אַזוי באַענט, ווי דער טאָג דער לויטערער
וואָס ווערט געבוירן אין דיין קאַמף, —
און די צייט איז בלויז אַ ציטזוויליקע וואַנט.
ברודער מיינער,
טאַטע מיינער, חתן מיינער:
עס קען דיך מיין לאַנד, עס קען דיך די וועלט,
באַפרייער — סאָוועטישער העלד.
איז טראָג געזונט מיין מתנה,
און זאָל דאָס זיין באַך אַן אַדערויף אויף אונדזער נדן.
(צו דער חתונה וועלן מיר אַלע פעלקער לאַדן)!
נאַ דיר מיין האַנט, ענטפער מיט אַ דריק.
צילעווע אין שונא׳ס האַרץ — מיט פייער און מיט גליק!

# אינמיטן וועלט

## אַ בריוו פון שלאַכט

איך שרייב דיר דעם בריוו
אין בויך פון דאָנער סטעפּ.
דער גראַבן איז פיר איילן טיף
און די ערד — אַ פּלאַקאַט פון קעפּ.

צען ביליאָן צעצונדענע אויגן — דער הימל.
אַ טונעל צו מאָרגנדיקן זיג — די נאַכט.
ס׳האָט די ערד אויך געכאַפּט אַ דרימל
ביז ס׳וועט ווידער זיך אָנפאַנגען די שלאַכט.

מיר קענען רואיק היינט ניט שלאָפן,
ס׳האָט יעדער די מאָרגנדיקע שלאַכט איבזיגען,
ביז מיר וועלן ס׳לעצטע מויל דעם שונא ניט פאַרשטאָפּן
וועט מען אונדז דאָ וואַכעדיק געפינען.

ווי נאָר עס וועט אָנהייבן צו טאָגן
וועלן מיר צום פראָנט מאַרשירן,
ווי לייבן וועלן מיר זיך שלאָגן
ביז קיין אבר וועט זיך מער ניט רירן.

זיבן שעה געבליבן צום באַגינען,
יעדע שעה — אָן אייביקייט.
כ׳וואָלט וועלן די נאַכט מיט אויגן פאַרמינעווען,
און זען וואָס טוט זיך אין דער ווייטסטער ווייט.

איך קוק אין סטעפּ אַריין און טראַכט
ווי אַ מענטש ווערט אויפן שלאַכטפעלד נאָך אַמאָל געבאָרן . . .
אַ מענטש זעט ווייטער ווי שטענדיק אין אַזאַ נאַכט,
און לעבט־איבער נאָכאַמאָל אַלע זיינע יאָרן:

## דאָרע טייטלבוים

ווי גוט ס'איז אונדז געווען אינדערהיים:
אויפן פעלד איז אַלץ אַזוי געראָטן,
פּאַלאַצן האָבן איינגעשלונגען זעמליאַנקעלעך פון ליים
און יאָרהונדערטן זיינען אַריין אין אונדזערע זאַוואָדן.

דאָס פעלד האָט די זון צו זיך אַראָפּגעצויגן,
און איר גאָלד מיט אונדזער ערד צעקנאָטן,
האָט יעדער זאַנג די זון מיט אונדזער ליד געזויגן,
און מיט ברויט די שייערן אָנגעשאָטן.

עס טאָגט. איך גיי פאַראויס אַ געפּאַנצערטער מיט טויזנט קעפּ,
איך הער טויזנט לידער אין מיין יעדן שאָס,
עס וואַכט מיין לאַנד אין דאָנער סטעפּ,
עס קלאַפּט מיין האַרץ אין יעדן גראָז.

עס טאָגט. מאַשין־ביקסן קנאַלן.
די אַרטילעריע שטייט שוין אין אַ ריי.
און ווער און וויפל ס'זאָלן דאָ ניט פאַלן,
פאַרוואָס מען גייט ווייסט יעדערער פון זיי.

אינמיטן וועלט

# דער רויטער אַדלער

כ׳בין אַ רויטער פילאָט.
כ׳בין אַ זון פון דער מענטשהייט׳ס באַפרייער.
מיין אויג — אַ פולעמיאָט,
מיין עראָפּלאַן — מיין רויטער אָדלער —
ווייס מיין איינציקן געבאָט:
מ י י ן   פ אָ ט ע ר ל אַ נ ד .
מיין לעבן איז — אַ גרייטער קרוג וויין:
זאָל עס צו געזונט
אויסטרינקען מיין לאַנד.
דאָס לעבן שמעקט מיר ווי די בלום אין מיין יום־טוב׳דיקן מאַנטל.
און ווען עס קריכט דער עקדיש אויף אונדזערע שטייגנדיקע טרעפּ,
וועט ער פּאַר מיין קאָפּ באַצאָלן מיר מיט טויזנט קעפּ.
איך טראָג זיך אין די הימלען
אויף די אַקסלען פון צוויי הונדערט מיליאָן —
אַ לעבעדיקע מענטשן־פּיראַמידע,
וואָס טרינקט מיך אָן מיט קראַפט,
וואָס גרויסט מיך און דערהייבט —
פלאַטער איך און פלי קעגן דעם פיינט און ווער איר העכסטע פאָן.
איך הויב זיך הויך. און פאַל איך —
איז דאָס דער בלענד פון אַ לויכטנדיקן שטערן,
וואָס פאַלט פון סאַמע שפּיץ,
ווי אַ פייערדיקער פעדער פון אַן אָדלער׳ס פליגל.
די פּיראַמידע שטייט —
זי קען שוין קיינמאָל ניט צעפאַלן ווערן.

## דאָרע טייטלבוים

מײַן האַרץ איז פֿלי איז פֿייער.
און איך אַליין בין שטאָל פֿון סטאַלינ׳ס וואָרט.
מײַן לעבן וועט דעם שונא קאָסטן טײַער,
ווײַל איך בין אַ רויטער פּילאָט.
און שטאַרב איך פֿאַר מײַן פֿאָטערלאַנד,
בלײַב איך טויטערהייט אַ לעבעדיקער משכּון
אין אַ פֿרעמדער שטאָט.
און פֿאַל איך — צעקײַ איך מיט די ציין — צווישן בלוט און זאַמד —
אַ שוואַרצן, פֿינצטערן יאָרהונדערט.

## הונדערט משכנות

(אַ מעשה פון אַ פילם)

די זון באַגלייט אַ מאַרטירער־קאַראַוואַן:
מען פירט צו דער שחיטה הונדערט מאַן.

אַ העלער פאַרטאָג באַגילדט דער נאַכט׳ס טרערן אויף די צווייגן
און פאַרקערט די נאַכט פון זייער לעצטן שאָסיי.
הונדערט מאַן מאַרשירן צום טויט — און שווייגן,
קוקן די היטלערישע וועכטער מיט וואונדער אויף זיי.

קיין שרעק, קיין ציטער, קיין געוויין —
„ווי קען מען אַזוי מוטיק צו דער אייגענער לויה גיין?"

נאָר די הונדערט מאַן מיט מוט מאַרשירן —
ווי זיי זאָלן די וועכטער גאָר צו דער פּגירה פירן.

דער ערשטער — אַ זקן־זיידע.
זיינע ליפּן מיט אַ תפילה פאַרקלעפּט,
ביי די זייטן — זיין טאָכטער, זיין איידעם
און אַן אייניקל — קוים וואָס עס לעבט.

ווי צו תשליך דער אַלטער גייט,
און פרעגט נביאות ביי זיין באָרד:
וועט מען באַגראָבן לעבעדיקערהייט,
צי דערשיסן — אויפן הייליקן אָרט?

אַ מאַמע מיט פאַרגלייזטע אויגן
טוליעט אַ טויט עופה׳לע צו איר ברוסט.
איר קאָפּ צו דר׳ערד געבויגן,
דאָס קינד וועקט מיט אַ הוסט.

# דאָרע טייטלבוים

אַלע ווײַלע קוקט זי יעדערן מסוכן אָן,
ווײסט ניט פֿאַרוואָס און וואו זי גייט —
פֿאַרוואָס האָט זי דאָס קינד ניט אָנגעטאָן,
און ניט אַרויפֿגעשלעפּט אויף זיך אַן אַנדער קלייד?

זי גייט און גייט און שטעלט זיך אָפּ,
און סוד'עט אין דעם גראָז אַריין,
און פֿאַלט אַ פּריקלאַד איבער איר קאָפּ,
שטייט זי אויף און נעמט ווידער גיין.

מאַמעס, טעכטער, זין,
מיטן טויט געבונדן און געפּאָרט,
אַלע ווייסן זיי וואוהין,
נאָר אויף די ליפּן — ניט אַ וואָרט.

אויגן גייען. אויגן מעסטן דעם אַרום.
אַ בליק צענעמט אַ גרינעם קוסט,
נעמט יעדן צווײַג אַרום,
און לאָזט הינטער זיך אַ הוסט.

וואָס נענטער צום וואַלד —
אַלץ דרייסטער די טריט.
אַן אויג אַ בוים אויף צווייען צעשפּאַלט —
און נעמט אים מיט זיך מיט.

ווען מען דערזעט דעם וואַלד אַנטקעגן,
וויל מען שטום דיביימער פֿרעגן:
איז דאָרט עמיצער פֿאַראַנען? —
קען דען זיין אַ וואַלד אָן פּאַרטיזאַנען?

# אינמיטן וועלט

גיט איינער אַ טראַכט,
וואָס קען מען פאַרלירן?
אויב שטאַרבן — איז אין שלאַכט, —
רעוואָלטירן!

די זשאַנדאַרן האַלטן פעסט די נאַגאַנען.
נאָר — מיט אין וואונק האָבן די הונדערט זיך פאַרשטאַנען.

„ברידער — קומט אַ פייף —
איז ניט געגראָבן מער.
די הענט פאַרשטייפט,
און ווערט געווער!"

האָט יעדערער געהערט,
און יעדערער פאַרשטאַנען:
מען איז געוואָרן —
מען וועט זיין פאַרטיזאַנען.

דער ווינט פאָראויס
ווי שאָף צעלייגט די גראָזן אויפן וועג.
אַ קויטיק שטיקל העמד שלעפט ערגעץ־וואו אַרויס,
און כאַפּט פון הייסע טראָפּנס שווייס אַ לעק.
מען גייט, — איצט מאַכט שוין גאָרניט אויס.

ביים ראַנד פון וואַלד באַפעלט מען בלייבן שטיין,
נעמען די רידלען, און קברים גראָבן זיך אַליין.

האָבן אַלע זיך געכאַפּט צו די רידלען שנעל,
און צווישן די הונדערט בליצט דער פייף פון אייגענעם באַפעל.

# דאָרע טײטלבוים

איבערן װאַלד האָט געקלונגען װאָס דער באַפעל האָט געזאָגט:
„שלאָגט, ברידער, שלאָגט!"

פליען הונדערט רידלען קעגן צען באַװאָפנטע זשאַנדאַרן —
הונדערט מענטשן קעגן צען באַרבאַרן.

די הונדערט האָבן געזעצט און געשפּאָלטן די היטישע קעפּ
ביז די װעכטער זײַנען געפאַלן פון האַס און די קלעפּ.

און דאָס הילפלאָזע שיסן פון זײער געװער
האָט דער װאַכזאַמער װאַלד בלויז דערהערט.

האָט דער װאַלד פּאַרטיזאַנען זיך אַרויסגעיאָגט צום פעלד
האָבן הונדערט נײַע פּאַרטיזאַנען פאַר זײ זיך פאַרגעשטעלט.

די זון באַגלײט זײ אַלע צום װאַלד.
אַ טײכל פאַררויטלט יאָגט פרײלעך פאַרבײ.
אַ קבר צען הינט פון דער ליכטיקער װעלט באַהאַלט,
און מענטש און װאַלד אָטעמען פרײ!

## אינמיטן וועלט

### נ י נ אַ

ס'האָט נינאַ אויף קיין ביימער קיינמאָל ניט געקלעטערט,
און זיך געשראָקן פאַר דער פינצטערניש פון וואַלד.
איצט וואוינט נינאַ אין געדיכטע צווייגן אין באַהעלטעניש
פון בלעטער,
איצט איז זי אַ שרעקלאָזע, אַ מוטיקע געשטאַלט.

אַמאָל האָט זי געהאַט אַ שטיבל מיט אַ גאָרטן,
אַ לאָנקע און אַ סאָד.
איצט וואַקסן ביינער דאָרטן,
איר היים — אַ חורבה אונטער שונא'ס טראָט.

נינאַ איז אַ פּאַסטוך אַ געניטער,
געפיטערט שאָף און קי,
אין קעשענע געטראָגן פּושקינס לידער,
אין האַרץ — איר סאָד אין בלי.

אויפן קאָפּ די צעפּ ווי סערפּן צוויי געטראָגן,
ווי אַ האָז געקוליעט זיך אין פרישן גראָז.
די פיס געוואָשן אין טוי פון פאַרטאָגן,
און געזונגען וויסנדיק פאַר וועמען און פאַרוואָס.

נאָר ווען דער שונא איז איר לאַנד באַפאַלן
און איר דאָרף פאַרנומען
האָט נינאַ'ס האַרץ זיך אָנגעצונדן פון דער שריפה אין די שטאַלן —
איז זי צו פאַרטיזאַנען מיטן טייך געשוואומען.

נינאַ איז אַ וואַלד־מיידל געוואָרן,
און וואוינט צווישן ביימער אין געהיים.
די צעפּ, די לאַנגע, אָפּגעשאָרן,
און איר מאַמען מיט אַ בריוול זיי געשיקט אַ היים:

## דאָרע טייטלבוים

„איך שיק דיר, מאַמע, מײַנע צעפּ,
ווי אַלעמאָל, צעקעמט זיי — און באַהאַלט.
איך וועל קעמען די קוסטן אינעם סטעפּ,
איך וועל פלעכטן זיך מיט צווייגן פון דעם וואַלד".

אַ פּליבקע און אַ זשוואַוועו,
דעם פייער טיף אין זיך געהאַלטן,
באַשלאָסן ווערן די בראַוּוסטע פון די בראַווע —
איז זי געוואָרן טויזנט אַנדערע געשטאַלטן.

אַמאָל איז זי אַ באַבע אַ בלינדע געוועזן —
געבראַדזשעט איבער דערפער מיט אַ שטעקן — אַ דאָרן,
אויף פריזבעס מיט קינדער געזעסן,
מעשות דערציילט, און קעגן שרעק געוואָרנט.

אויף ביימער העכסטע פלעגט זי זיצן
און נאָכמאַכן די נאַכטיגאַל —
די פּאַרטיזאַנען לאָזן וויסן
צו מאַכן זייער איבערפאַל.

אין אַ קויטיקן פּאַרטאַג איז נינאַ צו אַ דאָרף אַריבער
אויף אַ שווימענדיקן מאַסט.
ס'האָבן איר דערזען וועכטער היטנטער שטיבער,
איז זי אַ טאָג און אַ נאַכט געלעגן אין אַ פּאַס.

שטיל איז געוואָרן אין שטאָב שפּעט בײַנאַכט.
די וועכטער פאַר'שיכור'ט אין אַ חלום אַ וויסטן,
האָט נינאַ גיך גע'גנב'עט די וואָך —
און דעם שטאָב אויפגעריסן.

טויזנט און איין נאַכט
האָט דאָס דאָרף דערציילט פון איר:

# אינמיטן וועלט

זיבעציק וועכטער צורעכט געמאַכט,
און די אַרמיי אין דאָרף אַריינגעפירט.

איז נינאַ געוואָרן אין דאָרף אַ לעגענדע,
„נינאַ — די מוטיקע מויד".
האָט אַ דייטש זי געטראָפן — פאַרזאָגט שוין אַ צענטן;
ס'האָט נינאַ געטראָגן אויף די וויעס דעם טויט.

דאַרף מען אויפרייסן אַ באַן,
ביים שונא אָפּנעמען דאָס ברויט.
דאַרף נינאַ דורכפירן דעם פּלאַן —
ווערט די אַרבעט איר פאַרטרויט.

איז זי באַגינען מיטן וואַלד אויפגעשטאַנען,
זיך אָנגעקליידט אין דינאַמיט.
געזעגנט זיך מיט חברה פאַרטיזאַנען
און אַוועק מיט לאַנגזאַמע טריט.

* * *

אין ווייסע זייפן־בלאָזן האָט געוואַשן זיך דער הימל
און געפּוצט זיך אין לויטערן בלוי,
די לאָנקע — אַ לאָבן ברויט מיט קימל,
האַלב אויסגעבאַקט, האַלב רוי — — —

די כאַטעס מיט פאַררויכערטע פּאַפּיראָסן
האָבן פאַרשריבן דעם הימל מיט רויך.
נינאַ קריכט אין די הויכע גראָזן
און האַלט איר אָטעם איין פון מיטדסטן הויך.

שעה'ן לאַנג געהיט, געוואַרט,
שעה'ן לאַנג געדולדיק געלעגן,

# דאָרע טייטלבוים

אויפֿן בויך זיך געשאַרט,
און מיט בליקן געמינעוועט די וועגן.

די באַן איז נאָענט,
און שניידט אויף פּאַסן די לופֿט.
דער פֿייף אין אַמאָליק נחת דערמאָנט,
מונטערט און רופֿט:

„פֿאַר לאַנד, פֿאַר פֿאָלק, פֿאַר שטאַם,
פֿאַר יעדן צעבלוטיקטן בלאַט:
דונער, פֿלאַם, —
מיט נקמה ווער זאַט".

אויף דער ערד דער רויער,
מיט אַ גרעזל אין איר מויל,
ווייסט ניט נינאַ אַז עס לויערט
אין זעלבן גראָז פֿאַר איר אַ קויל.

אַ שאָס —
און נינאַ רירט זיך שוין ניט מער.
אין אירע אויגן טאַנצט אַ שטערנדל אַ ראָזס — — —
אירע הענט ווי פֿלעקער שווער.

די באַן —
אַ מינוט — וועט זיין צו שפּעט.
נינאַ איז אַ פּאַרטיזאַן:
זי ווייסט, זי וועט!
— — — — — — — —

אַ לעצטער ריר, אַ לעצטער הויב,
ביז בלוט די ליפּן איינגעביסן.
רעדער, רויך, בלוט און שטויב — — —
מיט זיך — האָט נינאַ די באַן אויפֿגעריסן.

## מאַטוויי קוזמין

(פון די ציַיטונגען)

ווער קען ניט דעם גריַיז־גרויען אַלטן מאַטוויי,
וואָס האָט די יוגנט פון לאַנד אין זיַין בוזעם געהאָט.
אַ מאָנומענט איז זיַין כאַטע אין וואַלד און אין שניי —
ניטאָ מער דער זיידע, דער כוואַט.

אַכציק מאָל האָט געזען מאַטוויי די ערד זיך באַניַיען,
געזען די ערד פאַרדעקן זיַינע בלוטזויגער מיט גראָז,
מיט זיַינע הענט זיַין לאַנד געהאָלפן פון שונאים באַפריַיען
און אויפהויבן די ערד פון ערשטן דאָרפישן קאָלכאָז.

מאַטווייען איז טיַיער געווען יעדער שטיינדל אויף סאָוועטישער ערד,
יעדער זאַנג, יעדער באַב, יעדער בלוט אויפן דאָרפישן בייט.
אַ שטאָלצער געפויעט, געוואַשן, געבאַרשטן די פערד,
ווי מיט אַ קינד — מיט אַ ביי־געבוירן קעלבל זיך געפרייט.

אַ יעגער אַ פלינקער געווען איז מאַטוויי,
געקענט יעדן ווינקל פון אוראַלטן וואַלד,
און — אַי, וואָלט ער וועלן אין דער רויטער אַרמיי,
נאָר פאַר דער ביקס זיַינע הענט זיַינען צו אַלט.

דערפאַר האָט ער געקענט דאָס דאָרף פאַרוויילן
איינאייינעם מיט די יונגע זין און טעכטער:
טאַנצן, זינגען, מעשות פריילעכע דערציילן —
מאַטוויי דער קלאָרער קוואַל פון וויץ און געלעכטער.

זיַינען פאַשיסטן באַפאַלן זיַין דאָרף און פאַרנומען,
געוויבט און געשאָכטן, און געלאָזט לעבן דעם זיידן,

## דאָרע טייטלבוים

נאָר טאָג ווי נאַכט — ווי זיין כאַטע פלעגט ער שטומען —
ווי ער וואָלט פאַרגעסן ווי צו ריידן.

דאָס פּנים צעקרימט, טאַמעוואַטע,
זיינע וואָנצעס שוין מער ניט צעקעמט.
איבער די הויזן פאַרקאַטשעט דאָס העמד —
ווי דער שניי־דאַך איבער זיין כאַטע.

ס׳האָבן די בלוט־הינט הייזער געברענט,
קינדער און מאַמעס געשטיקט און געוואָרגן,
מאַטוויי האָט דעם טויט געשמעקט אין זיינע ווענט,
נאָר ניטאָ זיי — ניט היינט און ניט מאָרגן.

וואַרטן — מאַטוויי און זיין אייניקל וואַסקאָ —
עס זאָלן די הינט זיך דערקלייבן צום וואַלד.
נאָר די נאַציס רעכענען אויס אויף דעם אַלטנס אַ לאַסקע:
אַ זקן, אַ שוואַכער — ער וועט זיי אויסזאָגן אַלץ.

און איינמאָל אין פראָסטיקן בייזן פאַרנאַכט
האָט געשיקט נאָך מאַטווייען דער שטאַב,
האָט ער געטראָטן אין טריט פון פאַרשאָלטענער וואַך,
און זיין האַרץ האָט מיט מאָרד פון זיין שנאה געקלאַפּט.

זיצט שוין מאַטוויי אַנטקעגן מאַיאָר,
דער מאַיאָר צעוויקלט זיינע מאַפּעס,
ער וויל פון מאַטווייען דעם וועג וויסן קלאָר,
און ער שטרעקט אויס מאַטווייען זיין לאַפּע:

„טויזנט קאַרבאָנצעס קריגסטו פון מיר,
פאַר דורכפירן אונדז דורכן שנייאיקן וואַלד,
צו זיי אונדז וואָס גיכער דערפיר —
גיין אַהין מוזן מיר באַלד״.

## אינמיטן וועלט

שטייף זיצט מאַטוויי, שטום איז זיין צונג.
וואָס זאָל ער זאָגן?
אַז וועלן וואָלט ער ווי אַ טיגער אַ שפּרונג
און דעם שטאָב אויף שפּענדלעך צעטראָגן.

דער מאַיאָר וויל אַ וואָרט פון דעם אַלטן:
צו שטיל איז מאַטוויי און צו קלוג.
זיין צאָרן אין זייבע וואָנצעס באַהאַלטן,
נאָר זיין אונטערשטע ליפּ טוט אַ צוק:

„ס'וועט צוויי טויזנט רובל אייך קאָסטן,
ליבער, גנעדיקער האַר,
אַ מהלך פון זיבעציק וויאָרסטן
און יעדער וויאָרסט — אַ טויט־געפאַר".

אָ, ווי באַקאַנט איז מאַטווייען דאָס אָרט! —
און געוויס וועט ער פירן אַהינצו די שונאים.
עס פלאַטערט מיט ווירדע זיין גרייז־גרויע באָרד
און דעקט־צו דעם שמייכל פון זיין צעאַקערטן פּנים.

און ווי מאַטוויי האָט געזאָגט —
אַזוי איז געבליבן:
ער וועט זיי ברענגען צום ציל ביז פאַרטאָג —
און דער מאַיאָר האָט אַזוי עס פאַרשריבן.

---

דורך די שפּאַלטן פון דעם וואַלד
וואַסקאָ — זיין אייניקל — יאָגט,
ווען לעצטער זון־שטראַל אויף דאָרפישע תליות פאַלט
מיטן זיידנס סוד און בשורה צו דעם פראָנט זיך טראָגט.

## דאָרע טייטלבוים

און מאַטווי איז געגאַנגען —
אַ באַטאַליאָן סאָלדאַטן געפירט,
הינטער אים — האַרמאַטן און טאַנקען
און שפּיז פון זיין צערויבטן קאָלווירט.

מאַטווי גייט פאַרביי זיין טייך —
און פאַרשווינדט מיט זיי אין טיפן וואַלד —
און מאַטווי שפּרייזט אַזוי גלייך,
און זיין פּנים שטראַלט.

און שעה'ן לויפן און לויפן פאַרביי
און שפּאַלטן־אָפּ שטיקער פון זייער נאַכט,
צערודערטע אויגן קוקן אויפן רואיקן מאַטווי
מיט געפּערלעכן פאַרדאַכט.

ראַנדוואַלד. שטיל. די שטילקייט ווערט צעריסן
יעדער בוים אַ קאַנאָן,
יעדער צווייג קען שיסן —
אַ וואַלד מיט פייער נעמט איבער דעם באַטאַליאָן.

דער מאַיאָר צילט זיין פּיסטויל אויף מאַטווייען,
נאָר ס'קוקט אויף אים רואיק מיט חוזק מאַטווי,
און מאַטווי שרייט אַריין אין די זיגער־געשרייען
פון דער רויטער אַרמיי:

שיסט, זין מייִנע, שיסט!
קוקט ניט אויף מיר — איך בין אַלט,
איך לעב בייע הונדערט יאָר ווען אייער קויל טרעפט אַ פאַשיסט,
כ'וועל לעבעדיק צוריק — ווען נאָך אַ מערדער פאַלט.

# אינמיטן וועלט

דער באַטאַליאָן איז צעשאָסן,
טויט דער מאַיאָר.
מאַטוויי׳ס בלוט אויפן שניי צעגאָסן,
און שניי איז איינס מיט זיין ווייסן קאָפּ האָר.

---

זיינע זין האָבן זיך מיט אים געזעגנט —
און וואַסקאַ מיט זיי פאַראויס אויף אַ פערד.
אין לעצטער רגע האָט מאַטוויי ניט פאַרפעלט צו פרעגן:
„האָב איך דעם לעצטן שאָס געהערט?״.

דאָרע טייטלבוים

## דער סיגנאַל

(פון אַ מוּאווי)

אויף שאַרפע פעלזיקע ווילעס
איז אַ פישער־דאָרף ווי אַ נעסט געהאַנגען,
אין פאַרנאַכטן פאַרנעפלטע, שטילע,
האָט מען די זון מיט די הענט געקאָנט דערלאַנגען.

דער ים האָט די ברעגן געוואַשן, געצוואָגן,
די צוויגן געקייט און געשלונגען,
און ביז די בלויע פאַרטאָגן
מיט די פישער געזונגען.

אין אַ סעגל די כאַטעס אויפן ברעג צעשטעלט,
מיט שטרויענע היטלען איבער די אויגן פאַררוקט,
האָבן ווי סטויגן סנאָפּעס אויפן פעלד
טאָג־טעגלעך אין ים זיך איבערגעקוקט.

מאַמעס האָבן נעצן אויף פריזבעס געשטריקט,
די קינדער געשיכטעס פון פינצטערע צייטן דערציילט —
ווען ס'האָבן טיראַנען דאָס פאָלק אונטערדריקט,
מאַמע מיט קינד און ברודער מיט ברודער צעטיילט.

---

היינט איז דאָס דאָרף אַ זומפּ מיט געפּאַר,
יעדע כאַטע — אַ פאַרצויגענע געשוויר.
איבער די שטיבער גייט דער באַרבאַר
און ברענגט דעם טויט אין טיר נאָך טיר.

# אינמיטן וועלט

קעגן ליכטיקער זון — אַ פּינצטערע פּאַנאָראַמע
פון תליות און תליות אין מיטן שאָסיי.
עס זוכט אירע זין אויף תליות אַ מאַמע,
אַן טרערן, אַן זיפצן, אַן רייד.

נאָר די זון שיינט,
זי קריכט פון דאַך צו דאַך אַריבער,
ווי זי זאָל גיין און ציילן
די מתים אין די שטיבער.

אויף אַ פעלזיקן ראַנד — אַן איינזאַמע כאַטע,
פאַרריסן צום הימל, ווי ס'וואָלט זון געוועזן איר קנאָפּ.
עס וואוינט דאָרט אַן אַלטע פאַר'עקשנ'טע מאַמע,
ביינאַנד — מיטן נאַצישן שטאָב.

עס זשאַווערן אַנטקעגן די נעצן אויף פּלויטן,
עס טריקענען דאַרשטיקע שיפן ביים ברעג
און קוקן צום הימל צעבלויטן,
וואו עס זייגען די פישער אַוועק.

ווי אַ געפאַנגענע פליג אין אַ נעץ פון אַ שפּין,
קוקט די מאַמע אַרויס אויפן פענצטער:
זי זעט די תליות פון אירע זיבן געהאַנגענע זין,
זי זעט ווי ס'פאַרשווינדט אין כוואַליעס איר לעצטער.

ביינאַכט, ווען שטיל און שטום ווערט אַרום,
ווען ס'כראָפּען די פאַרשאַלטענע היגט אין די בעטן,
דרייט זיך די מאַמע אויף שפּיץ־פינגער אום,
און רעדט צו אַכט פאַרטרעטן.

זי גלעט מיט די פינגער דאָס צעקנייטשטע פּאַפּיר
און גלייכט אויס מיטן צונג יעדן קנייטש, יעדן ראַז.

## דאָרע טייטלבוים

ווען דעם מינדסטן שאָרך איר אויער דערשפּירט,
באַהאַלט זי זיי ווידער אין שטרוי פון מאַטראַץ.

און איינמאָל אין נאַכטיקער שפּעט
דערהערט האָט זי טריט לעבן זיך —
עס שטייט איר מיזיניק ביים בעט
און קושט איר געזיכט.

— „זונעלע" — „זון,
דאָס ביזטו?"
„אויס קינד שוין — אַ מאַן".
— „מאַמע!
איך בין אַ פּאַרטיזאַן!

דעם פּאַס ים אַריבערגעשוואומען,
פון דאַנען איבערשיקן אַ סיגנאַל,
אַז אונדזער דאָרף איז דער פּונקט, וואָס זיי האָבן פאַרנומען —
זיי זאָלן וויסן וואו צו צילן מיטן איבערפאַל".

די מאַמע אויף איר מיזיניק קוקט —
מיט אויגן צעעפנטע, צאַרטע,
נאָר ער האָט זיך שטיל פון הויז אַרויסגערוקט:
„מאַמע — זיי וואַרטן!"

די מאַמע האָט זיך ביים פענצטער געשטעלט
און היט דורך די שויבן זיין שאָטן.
זי זעט ווי ער שטייט מיטן אַפּאַראַט אויפן שוועל
און באַפעסטיקט צום הויז די דראָטן.

צווישן דאָרף און וואַלד,
צווישן טויט און גוואַלד,

# אינמיטן וועלט

דורך נאַכט און געפּאַר —
לויכט אַ צעצונדענער פּאַנאַר.

דאָרטן וואַרטן פּאַרטיזאַנען —
יעדער רגע איז טייער.
דאָ וואַכט אַ מאַמע
איבער איר לעצטן זון אין פייער.

דורכן פענצטער האַלט זי וואַך:
אין זיינע הענט — דער וועג צום איבערפאַל.
אירע אויגן אויף דער וואַסערפלאַך!
צי גרייכט די פּאַרטיזאַנען דער סיגנאַל?

אַ שאָס — ווער שיסט?
די לאַמטערן פאַלט פון זיינע הענט אַרויס.
זי הערט דאָס קול פון אַ פאַשיסט,
עס רעגנט מיט בליי אויף איר הויז.

טריט מיט קוילן פאַרפלאָנטערט אין פּאַניק,
קללות מיט דונער און בליץ אויסגעמישט.
זי הערט ווי עס פאַלט איר זון אויפן גאַניק,
זי זעט ווי דאָס בלוט פון אים גיסט.

„פאַרלאָשן — מאַמע — פאַרלאָשן" —

איר זון איז טויט. זי אַליין — דער איינציקער סאָלדאַט
קעגן אַ גאַנצן באַטאַליאָן.
טויט אַרום, נאָר עס לעבט דער אַפּאַראַט,
נאָר זי ווייסט ביט מיט אים וואָס צו טאָן.

## דאָרע טייטלבוים

עס ברעכט מיט פייער די נאַכט,
עס פאַלן פון הימל די שטערן.
די מאַמע לויפט און צינדט אונטער דעם דאַך:
„ס'וועט ניט פאַרלאָשן ווערן, ס'וועט ניט פאַרלאָשן ווערן!"

עס פאַרוויקלט אַ סטענגע אַ רויטע איר שטערן,
אין אַ תפילה ציטערט איר מויל:
זי פילט ניט קיין ווייטיק, זי הערט ניט קיין קוילן,
„ס'וועט ניט פאַרלאָשן ווערן, ניט פאַרלאָשן ווערן!"

עס ברענט איר הויז, עס פלאַקערט איר דאַך,
זי שטייט פאַרשטיינערט אָן טרערן —
אַ מאַמע אויף דער וואַך:
„ס'וועט ניט פאַרלאָשן ווערן, ניט פאַרלאָשן ווערן!"

## אינמיטן וועלט

# דער קאַפּיטאַן

וואַלענטינאַ אָרליקאָוואַ, געהילף־קאַפּיטאַן פון אַ סאָוועטישער מאַרין־שיף, צו־גאַסט אין אַמעריקע.

קליין, צאַרט שוועסטערל — גרויסער קאַפּיטאַן:
צוויי זיג־סיגנאַלן — דיינע אויגן.
זאָג מיר, וויפל ים איז אין דיין בלוט פאַראַן? —
וואָס האָט דיך צום ים געצויגן?

ביזן ים — הימל, ביזן הימל — ים —
צווישן זיי, דיין שיף — אַ ברעג,
און דו — אַ בילד אין דער בלאָער ראָם,
וואָס וויזט דער וועלט דעם וועג.

קליין ווי אַ קאַמאַ זעסטו אויס פון דער ווייט
אויף דער הימל־ים׳יקער פּאַנאָראַמע,
נאָר גרויס ביסטו, ווי דיין קוק אין דער ווייט,
טאָכטער פון דער פרייהייט־מאַמע.

קליין ביסטו און צאַרט,
נאָר ווען דו רעדסט,
איז ווי די וועלט וואָלט אויף דיין קול געוואַרט, —
און אין דיר די גבורה פון דיין לאַנד דערזעט.

ס׳האָט דיין לאַנד פאַר דיר איר רחבות ניט געשפּאָרט,
דיך מאַמעדיק געכאָוועט און דערצויגן,
איז דיין וואָרט, ווי דיין פּנים קלאָר,
קוקט די חכמה פון פרייהייט אַרויס פון דיינע אויגן.

## דאָרע טייטלבוים

עס הערט דיך די וועלט,
און גלויבט דיר יעדעס וואָרט,
זי דערקענט אין דיר דעם העלד
פון אַלע דורות, און דיין אייגענעם דור.

האָסט געוואַנדערט איבער דער געשיכטע
געפּײַניקט, געבונדן, געשמידט,
בלויז דיין מאַסקע האָבן דיכטער
געזען און באַזונגען אין זייער ליד.

איצט זעט די וועלט דיין אמת'ן פּנים,
פון אַלע הויטן, פון אַלע מאַסקעס אויסגעטאָן,
דו האָסט באַוויזן דיינע פריינט, ווי דיינע שונאים,
אַז מען קאָן.

קליינע, לעבעדיקע „פריהייט־סטאַטוע".
דו ביסט דאָס, וואָס אונדז פעלט.
דו ביסט דיינע שוועסטערס שבועה
צו דער וועלט.

קליין, צאַרט שוועסטערל. די צאַרטקייט דיינע
פּושקין האָט באַזונגען אין זיין דור,
און ווען דיין צאַרטקייט האָט באַזונגען היינע,
האָט ער שוין דיך געזען אין דיין וואָר.

איצט זינג א י ד צו דיר — אַ טאָכטער פון געפּלאָגטן פאָלק,
מיט דיין צאַרטקייט זינג איך, נאָר דיין זיג.
איך, דיין שוועסטער, זינג דיין ליד צו דיר און ווידערהאָל
דאָס זעלבע ליד — צו מיין קינד אין וויג.

## אינמיטן וועלט

### אין אַ נאַכט אַזאַ

מיר ליגן אין בעט זאַלבעדריט —
די לבנה, די ראַדיאָ און איך.
עס שלאָפט דאָס הויזגעזינט,
און איבער די ווענט, די נאַכט אַן אומרואיקע קריכט.

דער זייגער די נאַכט אויף שטיקער צעשלאָגט.
אומרו פון טויזנט בלוטיקע מעת־לעת׳ן אין האַרצן צילט.
ווער קען אָפּשטעלן די באַן פון איילנדיקע בליקן,
און דערטרינקען אין ים־נאַכט דאָס אומרואיקע געפיל?

עס האָט די ראַדיאָ די וועלט צו מיר אַראָפּגעבראַכט,
הער איך און זע יעדן שאָס, יעדן זאַלפּ פון דער נאַכט.
קינדערשע הענט, פאַרטריקנט, פאַרדאַרט,
האָבן די ווענט פון מיין צימער צעשפּאַרט.

די גאַנצע וועלט האָט זיך אין דער פינצטערניש פון נאַכט צערעדט,
טויזנט הרוגים פּיקעטן מיין בעט,
געהאָנגענע קינדער, צעשאָסענע מאַמעס, צעבלוטיקטע כלות
ווילן פון אויג ניט אַוועק.

עס פאַלן די ווענט, עס פאַלן די ציגל,
און איך, אויף שפּיזן פון בליקן, יאָג זיך צוריק צו מיין וויגל.
איך זע מיין שטאָט, איך זע דעם בריסקער סקווער:
מאַמע! שטיי אויף און הער!

ס׳איז פון דיין היים־שטאָט בלויז דער בית־עולם פאַרבליבן,
און די נעמען פון דער׳הרג׳עטע זיינען אַפילו אויף מצבות
ניט פאַרשריבן.

אַ גרויסער בית־עולם דיין שטאָט,
קברים פון גראַיעווקע ביזן „קייסערס סאָד!"

די מאַמע שווייגט. אירע אויגן — וואונדן רויטע,
זי זוכט אירע ברידער צווישן בערג מיט טויטע.
די מאַמע שווייגט. די ראַדיאָ רעדט —
צען מיליאָן הרוגים פּיקעטן מיין בעט.

## דאָרע טייטלבוים

# אייביקע בלומען

פּאַליאַקן וואַרפן בלומען צו די אידן אין דער געטאָ.
(פון די צייטונגען)

אין לבנה־ליכט, אין ווירבל פון זאַווערוכע־געדריי,
אונטער טויטלעכע שאָטנס פון נאַצי־וואַך,
דריקן שטילע טריט זייער טרוים אין ווייסן שניי
און אַ שבועה פאַרזיגלט די ליפּן פון דער נאַכט.

קאָסציושקאָס זין, מיט פינגער איילנדיקע, זשוואַווע, —
פייער אין אויגן די נאַכט און די שאָטנס פאַרברענט, —
הערצער, פליסנדיקער פלאַם פון ברויזנדיקער לאַווע, —
וואַרפן בלומען איבער די פאַרהאַקטע געטאָ־ווענט.

רויטע בלומען — פרילינג אין פראָסט און שניי צעזייט,
פלאַטערן לעבעדיק אינמיטן ווינטער־געוויטער,
בליען, סיי די זון שיינט, סיי די זון פאַרגייט —
און שטאַרקער פון קייטן איז זייער צאַרטער ציטער.

קלייבן־אויף די בלומען גיריק ציטערדיקע הענט
און ריידן זיך מיט זיי ברידערלעך צונויף,
אויסגעוויינטע אויגן האָבן אַן אייגן פנים אין זיי דערקענט —
אַ לעבעדיקע פאָן דערזען אין געטאָס טויטנהויף.

דעם אויסגאַנג פון שלאַכטן דערציילן די בלומען
און שטרעקן דורך שלאַכטפעלד אַ חבר׳ישע האַנט,
די בלומען זיינען די מיילער פון די, וואָס מוזן שטומען
אויף יענער זייט געטאָ־וואַנט.

אַזוי האָט אַ פאָלק מיט אַ פאָלק זיך צוזאַמענגערעדט,
ווען די מערדער מיט טויט אין פאָלק פון צווייטן פאַרטרייבן
און ווען ס׳וועלן ווערן באַפרייט אַלע פוילישע שטעט,
וועלן די בלומען אויף אייביק אין בליען פאַרבלייבן.

אינמיטן וועלט

## מאַשאַ פּאַרטיזאַנקע

מאַשאַ — די יונגע טראַקטאָריסטקע פון קאָלווירט,
וואָס האָט די רחבות פון לאַנד אין איר בליק געטראָגן
האָט אַ גאַנצע נאַכט דעם שונא׳ס לאַגער אויסגעשפּירט
און קעגן אַ פּאַטרול זיך אַליין געשלאָגן.

די ערד צעכראַסטעט, צעריסן און צע׳מזיק׳ט,
באַנדאַזשירט מיט פּאָסן קאָרע,
דער ווינט די פאַרבראָכענע צווייגן וויגט
און ציילט די בלעטער אין די נאָרעס.

אַלץ אַרום איז שטיל.
ניט אַ פּיפּס פון פייגל־געזאַנג.
יעדע קויל געטראָפן האָט אין ציל.
ווי טויטע טשערעפּאַכעס ליגן טאַנק נאָך טאַנק.

אַ יונגע סנייפּערן, אַ בראַווע
קוקט אויפן אַרום און שטויננט,
מיט אויגן טאַנצנדיקע, זשוואַווע,
און טראַכט: ס׳האָט זיך געלוינט.

זי קוקט אויפן באַרג פּגירה׳ס —
דרייצן טאַנקען — דרייצן הינקענדיקע ריזן,
זי מעסט און ציילט די עשירות —
און וואונדערט זיך ווי זי אַליין האָט דאָס באַוויזן.

זי איז פון זיג נאָך אַלץ פריטשמעליעט,
ניט אַלץ איז איר איצט קלאָר,
עס דרייט זיך איר דער קאָפּ ווי אַ קאַרוזעלע,
און ס׳טאַנצן איר אַנטקעגן אירע אכצן יאָר.

# דאַרע טייטלבוים

עס שווענן פאַר די אויגן שוואַרצע שאָטנס,
ווי אַ רוקזאַק הענגט אויף איר דער קאָפּ.
עס קאַפּען פון איר שטערן הייסע טראָפּנס,
און פאַלן ווי רויטע קרעלן אויף דער ערד אַראָפּ.

זי וויל אַהיים לויפן צו איריקע — צו זיי,
נאָר עפּעס לויפט זיך ניט,
זי וויל געבן אַ געשריי,
נאָר אין האַלדז אַ פייער בריט.

דאָרט רייפט זיך שוין איר קאָרן
און בעט זיך שוין צום שניט,
עס וואַרט אויף איר דער טראַקטאָר,
נאָר זי איז אַזוי מיד.

מאַשאַ — די יונגע טראַקטאָריסטקע פון קאָלווירט,
וואָס האָט אַ רחבות פון לאַנד אין איר בליק געטראָגן,
האָט אַ גאַנצע נאַכט דעם שונא׳ס לאַגער אויסגעשפּירט
און קעגן אַ פּאַטרול זיך אַליין געשלאָגן.

אין די צווייגן איז זי געלעגן איינגעדרייט
און געהיט און געוואַכט
ווי ס׳האָט זיך דער שונא געגרייט
צו אַן אַטאַקע אינמיטן דער נאַכט.

ווען ס׳האָט אַ טאַנק זיך פון זיין נעסט אַרויסגעשאַרט —
אויסשפּירן אין וואַלד דעם וועג,
האָבן דרייצן אַנדערע אויף אים געוואַרט,
ער זאָל צוריקקומען זאָגן אַז מען מעג.

# אינמיטן וועלט

איז מאַשאַ פון בוים אַראָפּ
דעם טאַנק טראָט נאָך טראָט נאָכגעשפּירט
ביז ס׳האָט דער הונט אַרויסגעשטעקט זיין קאָפּ —
און זיך מער שוין ניט גערירט.

האָט מאַשאַ אים פון טאַנק אַרויסגעשלעפּט,
איר קלייד פאַרביטן אויף זיין נאַצישן מונדיר,
אין זיין היטל באַהאַלטן אירע צעפּ —
און פאַרקערעוועט דעם טאַנק צו דער נאַצישער קוואַרטיר.

צום שטאַב צוגעפאָרן נאָנט,
אין דער לופטן מיט דער האַנט געטאָן אַ פּאָך,
קיינער האָט זי ניט דערקאָנט —
און — דרייצן טאַנקען פאָרן מאַשאַ׳ן נאָך.

מאַשאַ, די יונגע טראַקטאָריסטקע פון קאָלכאָז,
האָט אין דעם גרינעם גראָז
געלאָזן אַ רויטע שורה,
וואָס וועט די קומענדיקע דורות דערציילן פון איר גבורה.

דאָרע טייטלבוים

## שניי אויפן שלאַכטפעלד

אַ ווייכער, ווייסער שניי פאַלט אויף פראָסט פון האַרטע רויטע פעלדער.
אַ לץ פליט אום איבער די וואָלקנס
און צערייסט, צעפליקט
פעק פון דורות דאָקומענטן
מיט גאָלדענע רייד, פון געשליפענע צינגער
וועגן שלום און פרידן און פרידן און שלום
און גליק, און וואָס ניט,
און וואַרפט עס,
מיט לאַנגע שנייאיקע פינגער
דער וועלט אין פנים אַריין.

אַ ווייכער, ווייסער שניי
טאַנצט זיין אינהאַלט אויס אין שפּיל.
יעדער שנייעלע — אַ דימענטענער וואָרט —
פאַלנדיק אַראָפּ
איינס מיטן אַנדערן זיך פאָרט,
און אינאיינעם — איז שוין דאָ אַ ציל:
ווערן איינס,
ווערן גרויס
אין שיינקייט און אין ברייט —
ווי די גאַנצע וועלט זאָל זיין מיט ווייסן גליק פאַרזייט.

ליגט די געשענדעטע ערד
מיטן בלוט, מיטן טויט, מיט די טרערן
אונטער דער ווייסער, קאַלטער קאָלדרע —
און וואַרט אויפן פרילינג.

## אינמיטן וועלט

### פרילינג 1943

ס׳האָט אַזויפיל בלוט זיך אין די טייכן אָנגעקליבן,
רויט דער וועג פון דער וואָלגע ביז דעם פּראָס,
עס וואַקסן אויף די פיש שוין רויטע שופּן,
עס שפּראָצט פון דער ערד שוין רויטער גראָז.

ס׳איז די ערד אַ מאַסן־אָרון,
יעדער באַגינען — אַ משוגענע, שוואַנגערדיקע צויג,
עס וואַקסן ביינער, וואו ס׳פלעגט וואַקסן קאָרן,
אונטער אַ הימל — קאָכעדיקער לויג.

יעדער טאָג איז אַן עלקעטרע־שטול
וואָס שטעלט אָפּ טויזנט הערצער אַ מינוט;
יעדע שעה — אַ ברונעם ביז די ראַנדן פול
מיט בלוט. —

ס׳האָט דער טויט דאָס לעבן איינגעשלונגען,
נאָר דאָס לעבן רייסט זיך פון איר בויך צוריק אַרויס,
ס׳איז אַ דור אין דר׳ערד פאַרזונקען —
נאָר אַלע זיינע פרילינגען שלאָגן פון דער ערד אַרויס.

עס גליט די זון — אַ צעזשאַרעטע קאָוואַדלע,
און שמידט־אויס אירע טעג ווי אין מאָסקווע אזוי אין רוים.
און זייט־ביי־זייט מיט פאַדלעס
שפּרינגט אַרויס אַ יונגער בוים.

## דאַרע טייטלבוים

עס ווערט אַן עופּה׳לע איבער נאַכט אַ זקן
און מיטן זיידן שפּריזט דעם לעצטן מייל.
עס איז די וועלט אַ פּנים אַ צעגעסענער פון פּאָקן,
נאָר דער פרילינג איז ווי אייביק — ניי.

קיינער פרעגט ניט וויפל עס וועט קאָסטן
דער צאַרטסטער צאַפּל פון דער ערד,
עס קוקט אַ גוסס׳ער אויף פריש-צעגרינטע קנאָספּן
און זאָגט: ס׳איז ווערט.

## צום אייביקן וואַנדערער

וואַנדער, וואַנדער תחית־המתים־איד,
טראָג זיך איבער וועלדער, איבער שטעט;
פּופּציק יאָרהונדערטן האָבן אויסגעמאָסטן דיינע טריט
און גייסט ניט אונטער, ווי אַ שווימענדיקע ברעט.

וואַנדער, וואַנדער, ס'איז דער וואַנדער־וועג דיר גוט באַקאַנט,
דער וועג איז שוין פון דורות אויסגעטראָטן,
ביסט ניט אַליין אין קיין איין און איינציק לאַנד:
וועסט טרעפן ברידער אויף אַלע עשאַפּאָטן.

וואַנדער, וואַנדער, און דיין לייב מיט פרישער ערד באַריר,
היימיש איז די ערד וואו דו זאָלסט ניט שטיין:
אומעטום אַ קבר פון דיין ברודער אונטער דיר —
ביסט אומעטום אַ בירגער מיט פאַרשאָטענעם געביין.

וואַנדער, וואַנדער, וואוהין די שטערן פירן,
טרעפסט אַ גרוב, פריש ווי ברויט צעקנאָטן,
און ערד, וואָס הערט ניט אויף זיך רירן,
שרעק זיך ניט — ס'איז אַ פרישער קבר דיינער אויפגעשאָטן.

וואַנדער, וואַנדער, איבער קברים, איבער פלויטן,
איבער נעכט פון פינצטערע שוואַרציאָרן:
דיך קען שוין קיינער סיי־ווי־סיי ניט טויטן, —
פון איין בויך מיטן טויט ביסטו געבוירן.

וואַנדער, וואַנדער איבער וועלדער, איבער שטעט:
איז נאָך אַ שטאָט מיט טויט, איז נאָך אַ וואַלד געפּאַר:
עס וואַקסט די וועלט און הערט, און זעט,
און יעדער קרבן ווערט געציילט, ווי יעדער טאָג פון קאַלענדאַר.

## דאָרע טײטלבױם

# ברידער באַפרײער

(צו שלמה מיכאָעלס און איציק פעפער)

ברידער — באַפרײער, באַהיטער —
זײט געגריסט, געבענטשט און געשטאַרקט.
װי די לוחות, לױכטנדיק, דורך פײער און געװיטער
קומט איר — פונעם העכסטן ברענענדיקן באַרג.

איר קומט צו אונדז פון פײערדיקער שטאָט,
האָט איר די שריפות מיטגעבראַכט מיט זיך.
דורך פײער ברענגט איר אונדז דעם עלפטן געבאָט:
„אײניקײט" — דאָס אײביקע ליכט.

ניט אײן ים, װי משה, האָט איר אײן װעג געשפּאָלטן
און דאָס גאַנצע פאָלק צו אונדז געבראַכט,
די װאָס האָבן משה'ן און אהרנ'ען געשאָלטן
שעלטן אַלע באַפרײער װאָס האָבן דאָס פאָלק פרײ געמאַכט.

סערװאַנטעס דור
האָט געשיקט זײן קיכאָט צו פאַנטאַסטישן ציל,
דער ציל איז ניט געװען פאַר קײנעם קלאָר,
האָט ער זײן העלדנמוט צעשלאָגן אין װינט פון אַ מיל!

בנימינ'ס גוט האַרץ האָט צום זעלביקן געצױגן,
האָט ער צום סמבטיון זיך אױף װינט־פליגל געשלעפּט,
דאָס בלענדנדיקע ליכט פון אילוזיעס האָט אים פאַרבלענדט די אױגן —
האָט מענדעלע פון אים קײן נחת ניט דערלעבט.

# אינמיטן וועלט

איר זייט געקומען — געשיקטע פון פאָלק,
מיט דער ברכה פון לאַנד, מיט דער בשורה פון גליק,
האָבן מיר אַלע דערקענט אייער קול —
פון ליבע, פון לעבן, פון זיג.

איר זייט געקומען דורך פייער און שווערד,
מיט שוואַרצמאַנס, דאָוואַטאָרס און דיסקינס גבורה באַלאָדן,
מיר הערן אין אייערע רייד יעדן כליפּ, יעדע טרער
פון די לעבעדיק־באַגראָבענע אויף אייער הייליקן באָדן.

אין פייער פאַראייביקטע ברידער מיינע:
איך קוק אין אייערע אויגן און איך זע
די פאַרברענטע פעלדער פון אוקראַינע,
די בלוטיקע הימלען איבער פלאַמיקע שטעט.

ברידער — באַפרייער און באַהיטער —
זייט געגריסט, געשטאַרקט און געבענטשט,
ס'איז אונדז קיינמאָל נאָך אַזוי ניט ליב געווען דער טייטש פון
„ב ר י ד ע ר", —
דריקן מיר אין ברודערשאַפט אייערע צווי הונדערט מיליאָן
דערלייזנדיקע הענט.

## דאָרע טייטלבוים

# אין מיטן וועלט

וועמעס געוויין קומט עס פון די וויטן אינדערשטיל?
פון וועמעס קול ציטערט עס אַזוי די נאַכט?
דרייען מתים די פליגל פון אַ טויטער מיל,
צי רעדט דאָס דער ווינט זיין טויטן־שפּראַך?

וויינען דאָס אַזוי די ביינער
וואָס האָבן ברודער־בלוט אויף זיך דערפילט?
צי יאָמערז דאָס טרערן אין די שטיינער
וואָס האָבן שווערן טויט אויף זיך דערפילט?

עס שטייט אַ באַרג איבערן טאָל,
ניט פון שטיינער, ניט פון פעלדזיקן גראַניט,
פון דעם קומט דאָס יאָמער־קול
מיטן שניידנדיקן טרויער־ליד:

אַ מתים־באַרג אינמיטן פעלד.
אויפן באַרג — אַ ניי־געבאָרן קינד.
דאָס קינד וויינט אינמיטן וועלט
צוזאַמען מיטן ווינט.

אַזוי איז היינט, אוי, ווי,
אַ מענטש געבאָרן, —
אויף אַ טויטן־בעט, אין שלאַכט־געדריי
אין אַ וועלט — אַ מאַסן־אָרון.

ס'האָט דער הימל צו דער ערד זיך צוגערוקט,
און די זון אין בלוט־טייכן פאַרלאָרן.
בלויז די קאַלטע לבנה האָט די גאַנצע צייט געקוקט
ווי אַ מאַמע האָט פאַרן טויט אַ קינד געבאָרן.

## אינמיטן וועלט

# מלחמה וויגליד

שלאָף ניט, קינד מיינס, שלאָף ניט איצט,
האַלט די אויגן אָפן,
זע אין הימל ווי עס בליצט,
ס'האָט אַ בליץ דיין הויז געטראָפן.

ס'איז דיין בעטל פול מיט ליים,
און דיין צימער פול מיט ציגל,
אַ בית־עולם איז דיין היים,
און אַ קבר איז דיין וויגל.

וויין, מיין קינד, נאָך שטאַרקער וויין,
דייַנע אויגן — רויטע קנעפ.
איך וויל הערן דיין געוויין,—
ס'איז אַ סימן אַז דו לעבסט.

ס'איז איבער דיר ניטאָ קיין דאַך,
קענסטו זען די שטערן,
זע ווי רויט עס איז דער „מילכשליאַך"
און ווי רויט די „בערן".

אויף דער לבנה, זע, בלוט־טראָפּנס,
ווי אין אַ געלכל פון אַן איי,
אַזוי, ביי דיין צוקאָפּנס,
דיין מאַמע'ס האַרץ פאַרגייט.

## דאָרע טייטלבוים

די לבנה — אַ מאַמע אין געבערן,
וואָס האָט געבאָרן אַ קינד געהאַט.
ס'איז איר קינד דער קליינער שטערן, —
ציטערט ווי אין האַרבסט אַ בלאַט.

שלאָף ניט, קינד מיינס, שלאָף ניט איין,
ס'וועט באַלד ליכטיק ווערן,
ווי נאָר עס קומען אונדזערע אַרייַן
וועלן זיי אונדז דערהערן.

## אינמיטן וועלט

# מיין בראָנזווילער היים

מיין היים — אין האַרץ פון בראָנזווילער דלות — אַ לאָמער אינוואַליד,
גלאָצט מיט בילמעדיקע אויגן אין יעדער אַלטער קראָם אַריין,
קרעכצט מיט אַלע פעדלער, ווי צווישן די פושקאַרטס אינדערמיט
זאָל זי אַליין אַ פושקאַרט אַלטוואַרג זיין.

כ'האָב היינט אַ גאַנצן טאָג געוואָלט אַראָפּרייבן דעם אומעט
פון די ווענט, —
געשייערט און גערייניקט יעדן „אַנטיק" באַזונדער,
ביז ס'האָט זיך געשיילט די הויט פון מיינע פאַרהאָרעוועטע הענט,
אָבער דער טרויער פון די ווענט איז ניט אַרונטער.

עס קריכן שטיקער לעבן פון די ווענט אַראָפּ
און הענגען ווי סטראַשידלעס אויפן פעלד.
די סטעליע וואַרפט שטיקער ליימיקן הימל אין קאָפּ
און דער רעגן ליאַפּעט — וואו אים געפעלט.

טירן — זקנים מיט פאַלשע אַלטע ציין, —
מיט אַ כריפּ ביים עפענען זיך און ביים פאַרמאַכן,
באַגריסן יעדערן, וואָס קומט צו גאַסט צוגיין,
ווי זיי וואָלטן פון דעם יום־טוב חוזק מאַכן.

שויבן — שוואַרץ־באַברילטע, קראַנקע אויגן,
בלינדע, מיט פאַרוואורף קוקן אויף דער וועלט
און מאָנען: „ווער האָט עס די בלינדקייט איבער אונדז פאַרצויגן?
ווער האָט עס די זון פון אונדז פאַרשטעלט?"

און איך האָב די שויבן געוואַשן, געגלעט,
יעדן פענצטער פאַרפוצט אין אַ ווייסן גאַרדין.
איך קוק און שעפּ נחת אַ מידע אויף מיין בעט,
נאָר מיין פרייד ווערט צעשטערט פון אַ מנובל אַ שפּין.

# דאַרע טייטלבוים

איך האָב דאָך יעדן ווינקל פֿון מיין הויז צעקעמט,
די לעכער פֿון די ווענט מיט בילדער באַהאַנגען,
נאָר ס׳האָט אַ טאַראַקאַן מיך פֿאַר לעניגען פֿאַרשעמט —
פֿון בילד צו בילד איז ער זיך צוגאַסט געגאַנגען.

נאָר לעני איז ניט ברוגז, לעני שמייכלט פֿון דער וואַנט,
ווי ער וואָלט וועלן מיך דערמאָנען,
אַז אים זיינען אַלע פּאַראַזיטן גוט באַקאַנט,
האָט לעני לאַנג צו מיר גערעדט, און איך האָב אים פֿאַרשטאַנען.

## אַ בראַנזווילער שער

אַ שער, אַ שער,
אַ פריילעכע, אַ לעבעדיקע, האָפקעדיקע שער.
טרומפייטן קרייען פריילעכס,
פויקן קלאַפּן אויס פון פּנים׳ער די לעצטע קנייטשן וואָכעדיקן טרויער,
אויף לויכטנדיקע ווייסלען, אויף מידן פייער פון שוואַרצאַפּלען
אַ טרער טאַנצט מיט אַ טרער.
די קלעזמער שפּילן מיטן גאַנצן פייער.
דורך די טאַנצנדיקע טענער פון דער שער פליען דורך דער ראַדיאָ —
קאָמוניקאַטן

פון די רויטאַרמייערס זיג —
דורך יעדן האַרץ, דורך יעדן אויער,
און די פראָנטן — אין דער שער,
און דער גלויבן — אין דער שער.
העכער, לייכטער, פריילעכער, —
אין בראַנזוויל איז דאָס לעבן לוסטיק,
אין בראַנזוויל איז דאָס לעבן שווער.
הוליאַ־האָפּ — די אָרעמע, די פריילעכע
בראַנזווילער שער.
איבערן ליכטיקן זאַל טאַנצן מידע פיס.
אַ קאָפּ גרויע האָר — מיטן דלות אויף די פּלייצעס.
אַ יונגער אָפּרייטער כאַפּט אַרום אַ באָבעשי
און לאָזט זיך אין קאַראַהאָד.
אַ שווערער פּרעסער טאַנצט, נאָר — אוי, ס׳איז ניט פאַר מיר! —
אַ שאָד, אַ שאָד.
ס׳איז שווער ביים פּרעס־טיש איינצושטייך
און שווערער נאָך,
און שווערער נאָך אַ טענצל גייך! —
קום אַריין — אין שער אַריין —
בעט זיך אַ ווייב ביי איר מאַן, נאָר מוישל בעט זיך „ברכה״,
ער קאָן אויך די פיס ניט הייבן.

## דאָרע טייטלבוים

אַ שער, אַ שער —
אַ שערעלע, אַ שער—

אוי, די אָדערן אויף די פּיס זיינען הייסע שווערע טעלעפאָן־דראָטן,
די פּיאַטעס זיינען קליי —
קלעפּן זיך צו דער ערד ווי צו בלאָטעס ווייכער שניי.
אַ שערעלע, אַ שער,
עס שרייט און שפּילט און טאַנצט אַליין דער הילכיקער אָרקעסטער,
חברה היצן זיך און וויגן זיך אין פאַרלעך,
אָרעמס פליען, ווי צעגליטע פליגלען — נעמען זיך אַרום,
האָפּ, האָפּ.
אַ צעשטראַלטער אַלטער חבר אַנטקעגן טאַנצט זיין פּאָר
מיט זיינע שטערנדיקע אַכציק יאָר —
האָפּ, האָפּ.
נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל
מיטן רעכטן פוס אין לויכטנדיקן דיל —
האָפּ, האָפּ — דער קאָפּ אַרויף, די יאָרעלעך אַראָפּ —
מיט יעדן זעץ אין דיל
שליידערט ער אַראָפּ אַ צענדליק ווייסע יאָר.
זיין פּנים לויכט און לאַכט
און שפּאַלט די אַלטע האַרטע הויטן פון זיין לעבן,
און דער זאַל מיט ליכט און פרייד דערטרינקט
זיין יעדן פּיצל צער —
ווי עס זאָל אַ זילבער־קוואַל פאַרשווענקען
אַ טיפע, אַלטע קוילן־שאַכט.
זיינע אויגן — רונדע שפּיגלען צווי פון זון צעצונדן —
טאַנצן, פינקלען, שוועבן
און פאַרשטעלן און פאַרלויכטן אַלע פלעקן, אַלע וואונדן
פון זיין ביטער לעבן.
זיינע ליפּן העגגען שווער
ווי דורך אַלע זיינע יאָרן וואָלטן זיי געזאָגט בלויז
ווערטער צווי: — אוי ווי, —

# אינמיטן וועלט

און דערפון איז אים זיין מויל אַזוי פאַרבליבן אָפן —
ווי אַ נול.
אַ שער, אַ שערעלע, אַ שער,
האָפּ, האָפּ
אַ פריילעכע, אַ לעבעדיקע, האָפּקעדיקע שער.

עס טאַנצט אַ העלער זאַל מיט פיס — אַ בונטער סקווער פלאַקאָטן
אין טאַנצנדיקע אָרעמס.
די קלעזמער היצן זיך, פאַרגייען זיך און יאָגן —
אַ הייסע דעמאָנסטראַציע קעגן אַלע קלאָגן.
חברה טאַנצן אין געאייל, די הענט פאַראויס —
ווי זיי וואָלטן מיט מוזיק
פאַר באַריקאַדן ברעטער טראָגן.
הוליאַ, הוליאַ, הוליאַ האָפּ!
בראָנזוויל גייט אַ שער —
אַנדערש גאָר ווי ביז אַהער.
פאָר נאָך פאָר — יונגער דור און אַלטער דור —
ניטאָ אין טאַנץ קיין שווערע פאָר.
בראָנזוויל טאַנצט אויפן דלות פון דער שטאָט,
האָפּ, האָפּ,
און מיט יעדן האָפּ און יעדן דריי
וואַרפן מידע קעפּ
שווערע בערג פון זיך אַראָפּ.

דאָרע טייטלבוים

# אין לואיסאָן סטאַדיום

אויף רוימישע אַקסלען — אַ ריזיקע האַלבע לבנה.
פּופציק טויזנט מענטשן אויף איר האַלב־רונדער ברוסט:
אַן אַלטער דור גיט יונגע דורות איבער אַ מתנה —
זיין לעבן — אין מוזיק פון טרוים און טרויער, פון ליידן און פון לוסט.

ביי ווייסע ווענט די באַקעטע קאַלאָנען —
וועלנער אויף פּאַראַד צעשטעלט —
קוקן, דאַכט זיך, ווי אויך זיי וואָלטן פאַרשטאַנען
דעם ווייטיק פון דער וועלט.

דער מענטש זיצט דאָ ווי אַ קינד ביי זיין זיידע׳ס זייט
און הערט מיט בייגער די לעגענדעס פון אַמאָל:
יעדער קלאַנג איז אַן עדות פון אַן אַלטער צייט,
יעדער טאָן — פון אַן איגענעם, אַ באַקענטן אַ ליבער קול.

דער מענטש האָט אַלע שלעסער פון זיין ברוסט צעפּראַלט,
אַרויסגערוקט זיין קאָפּ דורך שויבן פון דער נאַכט,
קוקט אויפן נעכטן ווי אַ קינד צעשטראַלט
און פריידט זיך מיט זייגע זיגן, לאָזט אַ טרער, און לאַכט.

כוואַליעס טענער — פון טויט און לעבן דער אָרקעסטער:
אָט דונערט מיט פריידד די מוזיק פון מענטשנס גליק,
אָט וויינט אַ פאָלק — ביים גאַנגעס צי ביים דניעסטער,
אָט ברעכט זיך דער מענטשהייטס אַן אייזערנע בריק.

שפּיצן פינגער אויף פידלען ווי שמעטערלינגען שפּרינגען,
ציטערן און גלעטן יעדן טאָן באַזונדער.
אַ פאָלק איז געקומען אלע זיינע גלעקער צעקלינגען
און אויפוועקן, דערקענען און הערן אַן אַלטן יאָרהונדערט.

# אינמיטן וועלט

בילדער פון מפלות און פון זיגן — ווי פון אַ קונצנמאַכערס טאַש
וויקלען זיך פון דער מוזיק אין ליכטטונקעלער נאַכט אַריין,
פלאַקערן, טליען, לעשן זיך אויס — אַ בערגל אַש —
וואָס וועט זיך טוליען צו די ווייסע ווענט — ווען ס׳וועט שוין
קיינער דאָ ניט זיין.

עס שטייען־אויף אַלטע צעבלוטיקטע וועלף
וואָס שלעפּן אויף די בלינדע קעפּ אַ ברענענדיקע ראָד,
אויף שטאָלענע שפּיזן פלאַקערט „1812״
און פּייפּט און קנאַקט ווי אַ ברענענדיקע שטאָט.

עס זינגען פידלען און פלייטן,
עס וויינען טשעלאָס און וויאָלאָס,
עס פאַלן קעפּ — עס פאַלן קייטן,
פראַנקרייכ׳ס זיג, נאַפּאָלעאָנס מפּלה.

די פופציק טויזנט מענטשן זיצן שטיל.
אין דער וועלט׳ס מוזיק אין זייער טרוים פאַרטייעט,
ס׳ע דאַכט, אַז דער אָרקעסטער פון אייביק אָן אזוי דאָ שפּילט
פון פרייד און טרויער, פון באַצוויגנער און באַפרייער.

דאָרע טייטלבוים

## דזשים דער דזשענעטער איז טויט

דזשים דער דזשענעטער איז טויט.
זיצן אַלע שטום אַרום זיין בעט.
אַ נייער טאָג האָט אין דרויסן זיך צעבלויט
און וועקט אים: דזשים, שטיי אויף, ס'איז שפּעט!

דזשים! ס'וועט דיין באָס זיין בייז,
דזשים, דער באָס וועט קריצן מיט די ציין —
ס'איז דאָס וואַסער נאָך ניט הייס,
און די שטיגן נאָך ניט ריין.

עס וואַרטן מיסט־קאַנען אין הויף,
און דער אויוון וואַרט אויף קוילן,
דזשים, שטיי אויף און לויף —
עס טאָר אַ בעגער זיך ניט פוילן.

נאָר דזשים ליגט אויף ווייסער בעט —
מיט זיין גאַנצער מאַסע איינגעשלאָפן,
דאַכט זיך אַז ער הערט, דאַכט זיך אַז ער זעט,
ס'מויל פאַרמאַכט, נאָר די אויגן אָפן.

קוקן ווייב און קינדער פאַרלאָרענע אויף אים.
פון קיינעמס מויל — קיין פאַרע.
נאָר דער קליינער ווינענדיקער דזשעק וועקט דעם טויטן דזשים
מיט די הענטלעך — האָלאָוועשקעס דאַרע.

פאָפּ — — גיך,
עס פאָרן שוין די סטריט־קלינערס אין דרויסן, —
האָסט צוגעזאָגט היינט קויפן שיך
און גאַנצע הויזן.

# אינמיטן וועלט

דזשים דער דזשענעטער רוט.
ס'איז אים געראַם אין בעט אַליין.
דזשימען איז גוט —
ער הערט שוין מער ניט דזשעק'ס געוויין.

די פענצטער פוצט אַ טאָג אַ העלער
מיט די שטראַלן פון אַ נייעם מאַי,
נאָר ביי דזשימען איז דער טויט אין קעלער;
דזשים איז פריי.

דזשים איז טויט.
דזשים שוויגט.
ס'גאַנצע לעבן האָט ער אַלעמען געטרויט,
נאָר היינט האָט דזשים פאַרסטרייקט.

ווייסער היינט ווי שטענדיק איז זיין קישן,
ווייסער היינט ווי שטענדיק איז זיין הויט,
און היינט שלאָפט קיינער ניט צופיסנס —
בלויז דער טויט.

דאָרע טייטלבוים

## ביי אַלגינ'ס קבר

דאָס פאָלק איז צו זיין העלד אויפן קבר געקומען:
שטעלן זיין לערער דעם ערשטן מאָנומענט.
שטייט יעדער ביי די בערג רויטע בלומען
און גלעט יעדע בלום מיט פאַרהאָרעוועטע הענט.

ווי פון זיין וואָרט — דער מאָנומענט איז אויסגעשניצט,
ווי דער העלד — פשוט און באַשיידן:
„געלעבט—געקעמפט" — די ווערטער צוויי אין שטיין פאַרקריצט —
וועלן צו די קומענדיקע דורות ריידן.

דאָס פאָלק פון אָרעמע היימען אין רייכע שטעט
איז געקומען אַלץ פון זיך זיין לערער דערציילן,
און וואָכן — וואו אַלגין רוט אַ מידער אין זיין בעט,
און וואָרטן — ביז ס'וועלן זיינע וואונדן זיך פאַרהיילן.

לויכט דער העלד צווישן לעבעדיקע רויטע פאַרבן
און וואַקסט מיט שטיקער לעבן אין דענקמאָל אַריין.
ביי דעם קבר וועלן די בלומען קיינמאָל ניט שטאַרבן,
ווייל דאָס איז די זריעה פון פאָלקס ווייטיק און פיין.

און די בלומען מיטן דענקמאָל וועלן וואַקסן צוזאַמען
ווי ער, אין דעם לעבן פאַרטאָן,
ביז אין אַלע שטעט און איבער ים'ען
וועט זייער פאַרב אַריינבלעגדן אין יעדער פלאַטערדיקער פאָן.

# אינמיטן וועלט

קליַנגט לעבעדיק די שטים פון פאָלק אויפן טויטן־פעלד,
און אַלגין הערט זיך איגן קול,
דאָס פאָלק רעדט צו זיין העלד,
נאָר אַלגין שווייגט צום ערשטן מאָל.

ביז זון־פאַרגאַנג איז יעדער ביים קבר געשטאַנען —
זיין ליבשאַפט דורך שפּיצן פינגער אַריינגעגלעט —
ווי זיי וואָלטן זיך נאָכאַמאָל וועלן דערמאָנען
און הערן די לעצטע ווערטער, וואָס אַלגין האָט צו זיי גערעדט.

דאָרע טייטלבוים

## שאַיע גענעראַל

(פּאָרטרעט)

אין אַ ווינקל פון שאַפּ אַ פּרעסער אַן אַלטער
פּאָרט מיטן פּרעס איבער גרינעם געוואַנט.
גיט אַ פּרעס, דאַכט אים, האַלט ער, —
אַ ביקס — און איבערן שלאַכטפעלד ער שפּאַנט.

און ער גייט און ער שפּאַנט מיטן פּרעס
אַראָפּ און אַרויף,
אָט איז ער שוין אַזש ביי טראַנשייען אונטער אָדעס,
און, דאַכט זיך אים, — דאַכט זיך — מע רופט:

רעב שאַיע — אַ סוואַנט!
איר סמאַליעט אַ פּאַלע,
מען בייט פאַרן פראָנט —
שטייט איר, און חלומ׳ט?

גיט זיך רעב שאַיע אַ כאַפּ,
דעם פּרעס מיט אַ פינגער אַ לעק,
מיט די אויגן אַ קער אויס דעם שאַפּ,
און אַ וויש מיטן אַרבל דעם פלעק.

ווער האָט צו שאַיען געפּריידיקט,
ווער האָט אים באַרוואַס געוועקט?
אַרום אים איז שטיל און ליידיק —
פון שאַפּ זיינען אַלע אַוועק.

שאַיע האָט צוויי זין
אין דער אַרמיי,
מיינט ער, אַלע מונדירן וואָס פאַלן אַרויס פון מאַשין —
זיינען פאַר „זיי".

# אינמיטן וועלט

ליגט אים איינס בלויז אין זינען:
דער שאָף און די שלאַכט.
ער הערט ניט ווען ס׳ווערן שטום די מאַשינען,
ער זעט ניט ווען ס׳קומט אָן די נאַכט.

ער היט דעם שאָף, ווי זיין אייגן פאַרמעגן,
און וויל ניט פון דאַנען אַוועק,
ווי ס׳וואָלט אין יעדן מונדיר אַ זון זיינער געלעגן,
און געהערט וואָלט ער זיין האַרץ אין אַלע רעק.

ער פילט זיך דאָ נענטער צו זיינע זין,
און נענטער צו דער גאַנצער וועלט.
ער הערט אַן עראָפּלאַן אין יעדער ניי־מאַשין,
און ער אַליין פילט זיך אויך מעשה העלד.

צוויי זין —
דער איינגסטער און דער בכור,
און ער אַליין — אַ שניידער
וואָס נייט שוין פאַרן דריטן דור.

אין אָדעס פאַר פאַלקאָווניקעס געצייט און גענעראַלן,
גע׳שמ׳ט מיט זיינע הענט איבעראַל.
האָבן אים שניידער פון קבצנ׳ישע קוואַרטאַלן
גערופן: „שאַיע גענעראַל״.

איז דער נאָמען אים אַזוי פאַרבליבן
ביז ניינצן הונדערט אַכט,
ווען ס׳האָט אַ פּאָגראָם אים פון זיין היימשטאָט פאַרטריבן,
און צו זיין נאָמען אַ סוף געמאַכט.

---

# דאַרע טייטלבוים

אַ פערטל יאָרהונדערט פאָרט שוין שאַיע מיטן פּרעס
און זעט ניט און הערט ניט ווי דער פּרעס אים פאַרשלעפּט
צוריק צו זיין היימשטאָט אַדעס,
וואו ער האָט זיין יוגנט אין גענעראַלסקע מונדירן פאַרשטעפּט.

ווי אַן אייניקל אַ בלינדן זיידן דער פּרעס אים פירט,
און דערפירט אים אָפּט צו זיין אַמאָליקער טיר,
ער זעט אין דרויסן דאָס אַמאָליקע שילד
און אינעווייניק דעם קייסערלס אָפּגעבליאַקעט בילד.

שאַיע ניט איינמאָל פאַר׳חלומ׳ט בלייבט שטיין,
און פירט אַ וויכוח מיטן צעקנייטשטן קייסערלס געזיכט:
„נו, מאַיעסטעט, זאָג אַליין —
האָסטו זיך אויף דעם גערעכט?

„הער דעם גרויסן וואונדער
אויף אונדזער רוסישער ערד,
אַוועק איז שוין אַ פערטל יאָרהונדערט
אַז מען האָט פון פּאָגראָם ניט געהערט.

„איך, שאַיע, וואַיענער פּאַרטנאָי,
האָב צוואַנציק יאָר געפּוצט דיינע שטיוול
און געציטערט פאַר אַ ליאַדע גוי —
איי, האָב איך איצט אויף דעם אַלעם פאַריבל —

„אָט שטיי איך דאָ אויפן זעלבן אָרט —
ווען דיינע „העלדן" האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אַהער,
אָנשטאָט געניי־געלט — געצופּט מיר די באָרד,
און געשניטן מיין לייב מיט מיין אייגענער שער.

# אינמיטן וועלט

„נאָר וואָס שטיי איך דאָ
און האָב צו דיר טענות,
אַז פון דיר איז שוין קיין פאַרעך ניטאָ,
און דיין וועלט איז שוין מער ניט דיינע.

„דו ביסט אויף אייביק אויס סכנה,
ביסט פאַרשאָטן ווי אַן אַלטער ערד־שיכט,
נאָר דער וועלט האָסטו געלאָזן אַ מתנה,
אַ מורעשניק וואָס איבער אונדז נאָך קריכט.

„אויך דאָס וועט אַריבער, ס'איז נענטער שוין ווי ווייטער,
איז כאַליע קייסערל, דיין רו דיר אין דער ערד געפין —
ס'איז אַן אַנדערער שאַיע שניידער,
און גאָר אַנדערע די זין!"
— — — — — — — —

ווידער גיט שאַיע זיך אַ כאַפּ,
און לעבעדיקער פאָרט ער מיטן פּרעס,
עס זינגט און פאָרט מיט אים דער שאַפּ:
„איי לעבן זאָל ניו־יאָרק, לעבן זאָל אַדרעס!"

דאָרע טייטלבוים

## מ י י ן  ש אַ פּ

מיין שאַפּ — אַ מאַנטלען־וואַלד.
די אַרבעט ברענט אונטער די הענט.
יעדע רגע פון מאַשין אַן אַנדער מאַנטל פאַלט.
אין יעדן ווינקל פּאַרטאַיעט ליגט אַ רעגימענט.

ס׳איז דער פראָנט מיין באַלעבאָס,
אַ קאַנאָן — מיין נײַ־מאַשין,
יעדער שטאָך איז אַ קאַנאָנען־שאָס,
וואָס טרעפט אין האַרצן פון בערלין.

ס׳איז די אַרבעט קיינעם שוין ניט שווער!
קיינער איז ניט מיד, קיינער איז ניט פויל.
יעדער מאַנטל אַ שטיק געווער,
יעדער שטאָך אַ נייע קויל.

צו יעדער וואָך אַ יאָר מיר פעלט,
אַלע מאַנטלען אויפצוביינען
פאַר מיינע ברידער אויף עק־וועלט
וואָס שלאָגן זיך אין פרעסט און שנייען.

יאָג זיך, רעדל, יאָג זיך, יאָג!
ס׳איז שוין באַלד אַוועק דער טאָג.
כ׳מוז אַלע מאַנטלען פולע פעק
נאָך היינט אַרויסשיקן אין וויטן וועג.

שנעלער איצט ווי שטענדיק ניי!
דורך די נעט צום פראָנט דערגיי,
ס׳איז ניט קיין וואַל, ס׳איז ניט קיין קרעפּ —
ס׳איז דער וועג צום דאָנער סטעפּ.

# אינמיטן וועלט

יאָג זיך, רעדל, יאָג זיך, יאָג!
איך גיב דיר אַלץ וואָס איך פאַרמאָג:
מיין וואַרעם האַרץ אין די נעט פאַרשטעפּ,
מיינע אויגן ביי אַן פּאָר קנעפּ.

טראָג זיך, רעדל, ווי אַ שנעל־באַן לויף פאַרביי,
אַך, ווי ליב מיר איז דיין טראַסקעריי.
ליג אויס רעלסן אויף דעם געוואַנט,
און פאַראייניק לאַנד מיט לאַנד.

יאָג זיך רעדל, שנעלער ביי!
דורך די נעט צום פּראָנט דערגיי.
ס׳איז ניט קיין וואַל, ס׳איז ניט קיין קרעפּ,
ס׳איז דער וועג צום דאַנער סטעפּ.

דאָרע טײטלבױם

## װעלט — װי שײן דו ביסט

װעלט — װי שײן דו ביסט!
װי ברײט צעעפֿנט דײַנע אָרעמס,
נאָר בײַ דײַנע פּיס אַזױפֿיל בערג מיט מיסט,
און אױף דײַן ברוסט — אַזױפֿיל קבֿרים.

בײַ דײַן צוקאָפּנס בין איך הײַנט פֿאַרטאָג געשטאַנען,
װי אַ מאַמע בײַ איר קינד דערװאַכנדיק אין װיג
און געצײלט דאָס גאָלד אױף דײַנע בערג, אױף דײַנע לאַנען,
און דיך געשלונגען מיט מײַן בליק.

װי אַ מאַמע בײַם װאַקזאַל האָב איך דעם פֿאַרטאָג דערװאַרט
מיט בענקשאַפֿט אין מײַן יעדן גליד,
אין יעדער רגע האָב איך נײַגעריק און צאַרט
זיך אַלײן אַרײַנגעגליט.

איך האָב געזען װי פֿון הימל האָסטו אַלע שטערן אױסגעקערט,
מיט אַ בעזים זון פֿונעם טאָג די אױגן אױסגעריבן,
אַראָפּגעשלעפּט דעם שװאַרצן צודעק פֿון דער ערד, —
האָב איך געטראַכט: װעלט, װי שטאַרק מען קען דיך ליבן.

האָסט אַ פֿײַער אין אַ װינקל הימל אָנגעצונדן,
און די שאָטנס פֿון דער נאַכט מיט אים פֿאַרברענט,
מיט דײַן פֿײַער דעם הימל מיט דער ערד געבונדן
און פֿון לױטער הימל אױסגעגאָסן װענט.

# אינמיטן וועלט

ס'זיינען בלויעביימער אין געדיכטן טוי ווי שיפן אומגעשוואומען
און שטיקער ערד צו דער זון געשלעפט,
האָב איך די הענט מיינע צענומען
און אָנגעקוואָלן וואָס איך לעב.

נאָר קוים האָט זיך צעוויקלט העלער טאָג,
האָבן חורבות זיך פון בלויקייט אויסגעשיילט,
האָב איך געלייגט זיי מיט דיין שיינקייט אויף דער וואָג
און געציילט, — און געציילט, — און געציילט:

וועלט — ווי שיין דו ביסט, —
ווי ברייט צעעפנסט דיינע אָרעמס,
נאָר ביי דיינע פיס אַזויפיל בערג מיט מיסט
און אויף דיין ברוסט אַזויפיל קברים.

## אינמיטן וועלט

# מיין קינדהייט

ס׳האָט מיין מאַמע מיך אַן עופה׳לע אַנטוויינט —
ניט געהאַט מיט וואָס צו זויגן,
האָב איך טעג און נעכט געוויינט
ביז קיין טרערן זיינען מער ניט געווען אין מיינע אויגן.

יעדע שיסעלע געקעכץ
וואָס ס׳האָט די מאַמע אונדז געגעבן,
האָט זי פּאַרוויסט מיט אַ לאַנגן קרעכץ
און מיט אַ קללה אויף איר לעבן.

זי האָט יעדן פּיצל ברויט געמאָסטן און געוואויגן,
אַנשטאָט פלייש געגעבן אונדז אַ ביין,
האָבן מיר דעם ביין ווי איר ברוסט געזויגן,
און געשטילט אין זיך פון הונגער דעם געוויין.

איך האָב דורך לאַנגע ווינטערדיקע נעכט
געהערט מיין מאַמעס קללות,
זי האָט מיט שוועבל־פּעך
גערופן און געטריבן דעם מלאך־המות.

און איך בין אויף מיין מאַמעס ברוסט
געשלאָפן אַזוי דורך יאָרן,
און זי האָט ניט געוואוסט
אַז אירע קללות זיינען מיינע וויגלידער געוואָרן.

ווען ס׳פלעגט מיך מיין מאַמע ווערן
און דער שלאָף פלעגט איר באַזיגן,
פלעג איך בעטן זיך מיט טרערן,
זי זאָל מיך ווידער מיט אירע קללות וויגן.

## דאָרע טייטלבוים

# די באַלאַדע פון אַ פרישן לאַבן ברויט

מיר ליגן אויפן טאָפּטשאַן זאַלבע אַכט.
פראָסט איז אונדזער צודעק.
ס׳איז קיינער ניט געשלאָפן נאַכט־נאָך־נאַכט —
נאָך לאַנגע הונגעריקע טעג.

ס׳טאָגט. אַ פאַדים זון גנב׳עט זיך אין הויז אַריין,
באַלייכט דער מאַמעס פנים, אירע טיפע קאַרבן.
ס׳טראַכט די מאַמע: וואָס וועט זיין?
ווער וועט היינט פון הונגער שטאַרבן?

די מאַמע איז לאַנג שוין אויפגעשטאַנען,
זי דאַוונט און בעט רחמים ביי די אבות,
זיי זאָלן זיך אין אונדז דערמאָנען,
און ניט דערלאָזן צו אונדזער טיר דעם מלאך־המות.

ס׳עפנט די מאַמע די לאָדנס און קוקט אין גאַס אַרויס.
אירע אויגן רייסן־אויף דער שכנה׳ס שפּייכלער מעל —
אָן אָנגעשטאָפּטע אונדזער שכנה; פול כל־טוב איר הויז,
נאָר זאָל אַן אָרימאַן אַריבערגיין איר שוועל.

זי האָט דער מאַמעס צירונג אויסגעבאָרט.
פרום ביים דינגען זיך מיטן אויבערשטן גערעדט.
נאָך יעדער קניע זיך שטיל פון הויז אַרויסגעשאַרט —
פאַר אַ לאַבן ברויט געלאָזט אונדז אָן אַ בעט.

שוין אַלץ פאַרקויפט, טראַכט די מאַמע ביים טיש אָנגעבויגן,
און וואַרפט אין פוסטע ווינקלען יאוש׳דיקע בליקן.
עס שניידט איר אויער דאָס קרעכצן פון אַ גוסס׳דיק קינד,
און אַ קוואַל טרערן גיסט פון אירע אויגן:

# אינמיטן וועלט

ביטאַ מיט וואָס דאָס קראַנקע קינד דערקוויקן,
ווערט די מאַמע שטיף און לויפט אויף גיך פון שטוב אַרויס.
מיט שטילע טריט צו דער שכנה׳ס טיר זיך צוגעשאַרט,
געוואַרט, געהיט —
ביז געשטאַנען שמונה־עשרה איז די שכנה שרה־ביילע,
איז די מאַמע פלינק אַריין צו איר אין הויז, אַ כאַפּ געטאָן
אַ לאַבן ברויט אין איר פאַטשיילע —
און ווי אַ ווינט פאַרשוואונדן.

און אַז די מאַמע האָט אַריינגעבראַכט
דעם פרישן לאַבן ברויט אין הויז,
איז געוואָרן פריילעך.
קריכן אַלע פון די בעטן אַרויס,
זעצט מען זיך אַרום דעם אַלטן טיש
און מען גלאָצט אויפן גרויסן וואונדער,
און מען שלינגט אים מיט די אויגן —
פון הונגער־פיבער אָנגעצונדן.
מען וואַרט—מען וואַרט. ס׳טריבקט דאָס פנים אויס דאָס גאַנצע בלוט.
די מאַמע היט קיינער זאָל ביים טיש ניט פעלן,
זי נעמט אין אירע הענט דעם פרישן לאַבן ברויט,
און שניידט אים אויף אַכט גלייכע טיילן.
אויגן מעסטן.
געדערים קראַמפּן, געדערים בייסן, געדערים ריידן.
— אַט גיבן זיי דעם בויך אַ שפּאַר,
ווי אַ סטאַדע קי צו דער טיר פון שטאַל זיך רייסן,
דערפילנדיק געפאַר.

# דאָרע טייטלבוים

אין נאָכדעם —
די מאַמע ווי אין שבעה זיצט —
אַ טרויער אויף איר פּנים הענגט, ווי צענער פּוד געוויכט.

זי זיצט ביים טיש אַ שטילע,
קוקט פרום אין טייטש־חומש אַריין.
ס׳מורמלען אירע ליפּן אין זיך אַ תּפילה,
און די אויגן פרעגן: וואָס וועט זיין?
וואָס וועט ווייטער זיין?

## דער קאָרידאָר

ס'האָט מיין מאַמע מיך געלערנט
כ'זאָל פרום און גלויביק זיין,
זיין הייליקן נאָמען ניט פאַרשעמען,
וועל איך אין גן־עדן גלייך ווי זי אריין.

און געלערנט האָט מיין מאַמע מיך אַזוי:
„קיינמאָל זאָלסטו, קינד מיינס, זיין פאַרשייט,
ביסט געבאָרן אַ זינדיקע פרוי,
און דערצו נאָך ביי אָרימעלייט.

„ס'איז אַ מענטש גאָר ניט קיין פאַרנעם,
און אַ פרוי אַ גאָרנישט מיט אַ נישט.
האָלט־זשע דיין צעוויייטיקט האַרץ אין קלעם,
און די טרערן ביזן קבר גיי און וויש.

„געדענק אַז פרום זיין איז אַ מעלה,
זעטיק מיט מצוות דיין זינדיקע זעל,
ביסט דאָ בלויז אויף אַ ווייַלע —
נאָ דיר אַ גראָשן פאַר דער גאַנצער וועלט.

„אַ אידיש קינד דאַרף זיין אַ צניעה, —
ניט טראַכטן פון קיין זינד, —
אַראָפּצו שטענדיק האַלט די וויעס:
וואָס מען זעט ניט, וויל מען ניט, מיין קינד.

„ניט איינמאָל וועט דער שטן דיר דעם וועג פאַרשטעלן
און רייצן דיך מיט זיידנס און מיט גאָלד,
נאָר וואָס עס זאָל פון דעם זיך דיר פאַרוועלן
געדענק, אַז מיט איר לעבן האָט חוה פאַר אַן עפּעלע באַצאָלט.

## דאָרע טייטלבוים

אויב ס'איז ליידן דיר, מיין קינד, באַשערט,
איז עס אין די ביכער אָנגעֿ'חתמ'עט אויבן:
מסתמא ביסטו, קינד מיינס, מער ניט ווערט —
אויך דענסטמאָל זאָלסט ניט אָנווערן דעם גלויבן.

ווען ס'וועט ניט זיין אין הויז קיין ברעקל ברויט,
און ס'וועלן דיינע קינדער ציטערן פון הונגער און פון קעלט,
געדענק, אַז איך האָב אויך געלעבט אין דחקות און אין נויט, —
דערפאַר וועלן מיר דאָך האָבן יענע וועלט.

מעגן זיך די גבירים גיסן גאָלד אין האַלדז,
מעגן זיי זיך אָנטאָן אַלע פאַרגעניגנס,
וועלן זיי מיטן פלייש און מיטן שמאַלץ
ניט גלייך מיט אונדז אין קבר ליגן?

דעם נגיד איז ערגער נאָך פון אונדז —
האָט דער מלאך־המות איינעם כאַטש פון זיי געשוינט?
און אַז ער לעבט ווי אַ קייסער — שטאַרבט ער דען ניט ווי אַ הונט?
מיר, מיין קינד, זיינען שוין צום קבר צוגעוואוינט".

אַזוי האָט מיין מאַמע יאָר־נאָך־יאָר
אין מיר אַריינגעֿ'טענה'ט:
„די וועלט, מיין קינד, איז בלויז דער קאָרידאָר
צו יענער וועלט — יענע וועלט איז דיינע".

יאָר מיט יאָר האָבן מיינע גלידער אויסגעטאָקט
און אַ פרילינג אויף מיין לייב אָנגעטאָן אַ העלן,
און מיט יעדן טאָג
איז דער „קאָרידאָר" אַלץ מערער מיר געפעלן.

## אינמיטן וועלט

ס׳האָבן אין קאָפּ געדאַנקען זיך גענומען שלאָגן, —
בין איך די נעכט מיט ביכער אויפן בוידעם אָפּגעלעגן.
ביז צו לעבינען אויף מיין מזל געקומען זיך באַקלאָגן, —
און ביי אים אַן עצה פרעגן.

ס׳האָבן יאָרן מיך געפורעמט און געשניצט,
ס׳האָט דער דלות מיך געמאַטערט און געשטאַרקט: —
און לעבן מיר אויף אַ בענקל הייַנט מיין מאַמע זיצט
און איך קנעל מיט איר פרשה קאַרל מאַרקס.

דאָרע טייטלבוים

# זיבן רויטע רויזן

זיבן רויטע רויזן פון מיין גאָרטן האָסטו אויסגעריסן
(זיבן רויטע רויזן אין מיינע טויאיקע פרימאָרגנס יעדן טאָג געבאָדן),
עס קלאָגט זיך ניט דיין ווירדע, עס בייסט ניט דיין געוויסן,
ווען עס וויינט מיין גאָרטן אויפן שאָדן.

עס פאַרנעמט דיין אויער ניט דעם צער פון בלייכנדיקער בליאונג
פון מיינע יונגע אויסגעפליקטע קווייטן.
וואָס מיינען דיינע רייד פון גוטסקייט און באַציאונג
קעגן די זיבן קברים, וואָס דו האָסט געלאָזט אויף מיינע גאָרטן־בייטן.

זיבן רויטע רויזן אין אַ קעלער אין אַ פינצטערן פאַרשלאָסן.
זיבן רויטע רויזן אין דיקן חושך פון דער נאַכט געטונקען.
מיט פעך פון דיינע שוואַרצע טעג זייער צאַרטקייט אָפּגעגאָסן
און זייער שמעקעדיקן ווייִן מיט מדבר׳דיקן דורשט געטרונקען.

און ווען עס זייַנען בלעטלעך טרוקענע אויף דייַנע הענט געפאַלן —
דיין בלעכענע צאַרטקייט צו פּרובירן גלעטן —
ווי זיי וואַלטן בעטן דורך די פינגער כאַטש—דיינע פעדים שטראַלן—
האָסטו מיט געוואַגטקייט פון קינדערישן בייגיר זיי געמוזט צעטרעטן.

שטיי איך אין מיין גאָרטן און איך צייל:
צייל די רויזן, צייל די בייטן, צייל די קברים, צייל די טעג,
לעב איך ווידער איבער מיט יעדער אָפּגעהאַקטער טייל
ווי אין יעדער רגע אַ לאַנגווייליקער יאָרהונדערט איז אַוועק.

נאָר עס בליען אין מיין גאָרטן נייע, יונגע רויזן, וואָס ווילן ניט וויסן
פון געוויין,
כאָטש עס שטעקן פון אַ בייט זיבן שטאַמען מיט אָפּגעהאַקטע קעפּ,
און ס׳דאַכט זיך, אַז זיי וועלן שוין דאָ איביק אַזוי שטיין, —
ווי ביי אַן אָפּגעברענטן הויז די איבערגעבליבענע טרעפּ.

# אינמיטן וועלט

זיבן טרעפּ — וואָס פירן אין ערגעץ ניט,
זיבן יאָר פאַרבלאָנדזשעטע, פאַרלאָרענע אין לעבן.
זיבן רויזן, וואָס האָבן בלויז צוליב דעם טויט געבליט —
און דער וועלט גאָרנישט געגעבן.

זאָלן מיינע זיבן רויזן אין דיינע הענט
צאַנקען ווי ליכט פאַר דיינע אויגן,
און דיר באַלייכטן די מאַכט פון די אייזערנע ווענט
צווישן דיר און מיין גאָרטן, וואו איך בלי אויפדאָסניי —
צווישן רויזן און רעגנבויגן.

דאָרע טייטלבוים

# מ י י ן  ה י י ם

מיין היים — אַ קעלער אין דער ערד —
אַ שיף — וואָס איז שוין לאַנג געזונקען,
שויבן — אויגן אין פנים׳ער באַוואַקסן מיט געדיכטע בערד.

מיין צימער — פול מיט ביכער,
מיינע ביכער — פול מיט מענטשן,
טויזנט שוישפּילער אויף אַ קליינער בינע —
וועמען איך וויל שילטן און וועמען בענטשן.

מייקלאַנדזשעלאָ און מאָטל־פּייסי,
פּישקע — צווישן פּושקינען און טאַגאָרן,
ס׳קליינע מענטשעלע — צווישן די גאָר, גאָר גרויסע —
וועלט־באַפרייער — צווישן פינצטערע שוואַרציאָרן.

סענדערל די אידענע דרעמלט אויף בנימינ׳ס פּלייצע,
באַנצע שווייגט — נאָר טביה פאַר פּיער און פאַר וואַסער רעדט,
עס רעדט און וויינט און זינגט די וועלט פון געטשקע־צייט ביז
האַקנקרייצן —
פון דער נוצרת־שטאָל ביז אַש׳ס דריי שטעט.

מיין ענגע היים איז — אַ געניאַלער קאַרנאַוואַל
פון טרוימער און טרוימער און טרוימער אויף אַ קונסט־יאַריד.
אויף דער שאַפע שטייט און מאָלט עס מאַרק שאַגאַל,
און איבער די קאַרניזן שפּאַצירט דין וויטעבסקער איד.

## עס ציען זיך ווי סמאָלע שטיקער אינדערוואָכן

עס ציען זיך ווי סמאָלע שטיקער אינדערוואָכן,
עס קריכן ווי זשאַבעס צעשפּאָלטענע שעה'ן,
יעדע מינוט — אַ שפּענדל פון אַן אַלטן שטול אָפּגעבראָכן
פאַלט ווי אַ טויטע פליג אויף מיין קאַלענדאַר דעם גראָען.

טעג — שוואַרצע שורות אויף אַ ווייסער מצבה
טייטלען ווי פינגער אויף אַ יונגן בראָך
ביי אַ פריש פאַרשאָטענעם קבר,
און וועקן דער שבתים'לאָז באַגראָבענער וואָך.

איך האָב ביים נעכטן בלויז מיין אומרו געגומען,
און דער היינט האָט מיר בלויז אומעט געבראַכט,
וואַרט איך, אַז דער מאָרגן זאָל קומען
און אויסזויגן דעם טינט פון מיין לאַנגער נאַכט.

דאָרע טייטלבוים

# מ י י ן  ס אָ פ ע

(פון אַן אַלטער מויד)

מיין סאָפע, מיין פּראָסטער, קבצנ'סקער גן־עדן.
אויף דער שנעל־באַן פון צייט צוזאַמען געפאָרן,
האָבן יאָרן געשאָרן און פאַרשאָרן אונדז ביידן,
ביז מיר זיינען ווי זקנים, פאַרענדערט געוואָרן.

איר זיידענע הויט איז מיט מידע פאַרנאַכטן באַדעקט,
די ראָזעווע קווייטן קוים־קוים וואָס מען זעט,
די קוויטן האָבן לידיקע יאָרן פאַרמעקט,
פרילינגט נאָך בלויז אין אירע צעשפּאַלטענע נעט.

איר פּלייצע מיט הויקערס, איר בויך פול מיט גריבער,
ניטאָ מער קיין גליד וואָס געזונט איז.
קוק איך פון הויקער צו הויקער אַריבער:
דאָ ליגן באַגראָבן מיינע שבתים און זונטיקס.

איך שטיי פאַר דער סאָפע: אַן אַלטע פאַרגעסענע מויד,
פון לעבן פאַרזען,
מיט יוגנט־אילוזיעס צעקנייטשט און פאַרגרויט,
און זוך דעם אַמאָל, ווען יונג זיינען מיר ביידע געווען.

איך קוק, און איך זוך אין צעפליוכעטן פּלוש,
פון אַמאָל, מיין ליבנס אַ וואַרעמען בליק.
איך זוך זיין הייסן פאַר'שיכור'טן קוש
און דעם טרוים פון מיין מיידלשן גליק.

# אינמיטן וועלט

נאָר מיין טרויעריקע סאָפּע הערט ניט מיינע רייד,
זי האַלט בלויז באַגראָבן דעם צער פון צעבראָכענע פליגל,
כאָטש זי אַליין איז ניט דאָס וואָס יונגערהייט —
נאָר זי זעט ניט וואָס איך זע אין שפּיגל.

מיין סאָפּע, מיין פּראָסטער קבצנ׳סקער גן־עדן,
אויף דער שנעל־באַן פון צייט צוזאַמען געפאָרן,
האָבן יאָרן געשאָרן און פאַרשאָרן אונדז ביידן,
ביז מיר זיינען ווי זקנים, פאַרענדערט געוואָרן.

דאָרע טייטלבוים

## די זון אין מיין שפּיגל

זון — אַ ים־טאָג אין דרויסן.
הימל — וועש אויף דער זון צעהאַנגען —
וואַרפן פאַרסטריגעס אויף דער ערד —
שטראַלן — — — —

נאָר אין מיין צימער איז קיין זון ניטאָ.
איביק שלאָפט אויף מיינע ווענט די נאַכט.
ווי אַ וואָלקן איז די סטעליע גראָ,
און איך בין אַ מענטש, וואָס אין דער פינצטער וואַכט.

דורך מיין שאָטן־פענצטער קוק איך אַרויס —
אַ סאָלדאַט פון אַ פאַרשאָטענעם גראָבן.
אין אַלע פענצטער קלאַפּט די זון מיט איר גאָלדענעם פויסט,
נאָר מיינעם גייט זי פאַרביי, ווי אַ פאַרמאַכטן לאָדן.

היינט איז די זון פאַרבייגעגאַנגען
און געוואָרפן מיר אַ בליק אַ קאַלטן,
האָב איך אין שפּיגל זי געפאַנגען
און דאָרט אויף שטענדיק זי געוואָלט פאַרהאַלטן.

טאַנצט די זון אויף מיינע בילדער,
אויף דער סטעליע, אויפן דיל,
און איך ווער גערודלדיקער און מילדער
פון דער שטיפערישער שפּיגל־שפּיל.

דריי איך פליסיקער דעם שפּיגל הין־צוריק
און פאַרלויכט מיין קעלער־הויז —
שפּרינגט זי אום אויף יעדן כלומרשט'ן אַנטיק,
ביז זי רוקט זיך פון מיין שפּיגל פאַרט אַרויס.

## אינמיטן וועלט

און איך בעט זיך שטום: ניט אייל,
געציילטע רגע׳ס ביסטו דאָ אין יאָרן.
בלייב דאָ, בלייב אַ ווייל —
ביז אויף די ווענט וועט ווערן רייף וואָן גאָג׳ס פעלד מיט קאָרן.

ביז פּאָרטנערים הונגעריקער נעגער־יונג
וועט פון דער וואַנט אַראָפּ,
אויף רענואַר׳ס גאָרטן טאָן אַ שפּרונג
און אויסרייסן דעם פעלד גרינעם באָב.

נאָר די זון האָט ניט געהערט.
זי איז אויף דעכער, איבער גאַסן, אַנטלאָפן,
און דער שפּיגל איז געוואָרן איבערגעקערט,
און איך, צוזאַמען מיט דער נאַכט, בין איינגעשלאָפן.

דאָרע טייטלבוים

## מ ע נ ע ר

אויף יעדן טראָט, אויף יעדן שפּאַן —
מאַן.
אַ מאָס,
אַ וואָג,
אַ מיקראָסקאָפּ,
ציען ס'לעצטע שטיקל קלייד פון מיר אַראָפּ
מעסטן,
וועגן, —
גרייט איננמיטן גאַס צעבייטן זיך
אויף גאַרנישט.
אויגן,
אויגן —
טיפע, ליידיקע טעפּ, וואָס קוקן אַרויס
פון אַ ניט־באַהייצטער קיך,
גייען נאָך,
בעטן זיך,
מאָנען,
גלעטן
יעדן פאַלד פון מיין קלייד.
טראָגן ווי אַ טשעק ביכל, זייער קאַלענדאַר,
און צאָלן פאַר יעדן גראָשנדיקן אָפּדאַכט
מיט טעג,
מיט יאָרן,
און יאָגן נאָך יעדע רגע וואָס גייט פון זיי אַוועק,
און שפּילן זיך מיט דער צייט,
ווי אַ קאַץ מיט איר אייגענעם
עק.

אינמיטן וועלט

# הונגער

מאַן — הונגער־אַטאַמאַן:
בויסט אין מײַנע אויגן דײַנע פּאַרטן,
שפּרינגסט אַרויף אויף יעדער לויפנדיקער באַן,
און דײַן לעבן טאַשירסט, ווי אַ ציגײַנערין אַ טאַליע קאַרטן.

מיט דײַנע אויגן רײַסט מיך אויף,
ווי זײַן זאָל איך אַ פּאַרפּאַקטער טשעמאָדאַן
פאַרגעסן ערגעץ אין אַ ווינקל פון אַ הויף,
און זוכסט, צי ס׳איז אין מיר אַ שליסל צו דײַן לײדיקײט פאַראַן.

דו מעסט און וועגסט און טוסט מיך אויס
אין מיטן גאַס, אויף יעדן ראָג,
ווי זײַן זאָל איך אַ פּעקל קעז און דו אַ הונגעריקע מויז
וואָס ליגט פאַרשפּאַרט אַ גאַנצן טאָג.

דאָרע טייטלבוים

# דיין ליבע

——— אַ הויז
„מעבלירטע צימערן" — אַ שמייכל די גרויס.
אַ „שכן" אַרויס, אַ „שכן" אַריין —
אַבי דאָס „הויז" זאָל ניט ליידיק זיין.

## אינמיטן וועלט

# איך האָב היינט אומזיסט געוואַרט אויף דיר

איך האָב היינט אַ גאַנצן טאָג אויף דיר געוואַרט,
געמיינט וועסט קומען היינט צו מיר.
ווי אַ דאַמבע האָט געקלאַפּט מיין האַרץ
ביי יעדן שאָרך פון מיין טיר.

ווי אַ שאָטן דעם זייגער געהיט —
עס זאָלן די ווייזערס ניט בלייבן שטיין.
אין יעדן אָטעם געהערט טריט,
אויף יעדער וואַנט געזען דיך גיין.

איך האָב היינט אַ גאַנצן טאָג פון דיר געטראַכט,
ווי מיר האָבן זיך אין שטורעמדיקן ים באַגעגנט,
עס האָט אַ וואַסער־באַרג דיך צו מיר געבראַכט —
און איך האָב אַ טרערן־ים געטראָגן דיר אַנטקעגן.

איך בין לאַנג אַ פאַרטרוימטע אויף מיין שטול געזעסן,
און דו האָסט אַ פאַרליבטער פון דער וואַנט אויף מיר געקוקט,
ביז כ'האָב אין זייגער און אין זיך פאַרגעסן
און ניט באַמערקט, ווי דער טאָג האָט זיך פון מיין הויז אַרויסגערוקט.

ס'האָט מיין בענקשאַפט דעם זייגער אָפּגעשטעלט,
און מיט דיר בין איך פון וואַנט צו וואַנט געלאָפן,
מיטן ערד־קוגל, מיט דער זון, מיט דער וועלט, —
ביז איך בין אויף מיינע טרוימען איינגעשלאָפן.

דאָרע טייטלבוים

# טרוימען

ס'האָט יעדער איינער ליב צו טרוימען,
און פאָרן אויף אַ בליקן־באַן,
ס'איז אַ טרוים — אַ רויך פון קוימען,
און אַ רויך — אַ סימן אַז ערגעץ איז אַ פייערל פאַראַן.

ברענט אַ פייער, זשאַרעט זיך דורך יאָרן,
און דער רויך דער װעלבער — גרוי,
ס'װייסט קיינער ניט צי טרייבן פלאַמען שטאָלענע מאָטאָרן,
צי ברענט אַ פייער גלאַט אַזוי.

אַלע רויכן ציען זיך צו הייכן,
אַלע האָבן זיי דעם זעלבן ציל,
נאָר דעם הימל קען קיין רויך ניט גרייכן,
װען ס'גיט זיך װינט מיט אים אַ שפּיל.

װאָרום איז דעם װעמענס טרוים איז נאָר אַ צייכן,
צו נייע סטאַנציעס, נייע האָפנס,
װאָס העלפן זיגן, העלפן גרייכן, —
פון טרוים אַ װאָר באַשאַפן.

ס'האָט יעדער איינער ליב צו טרוימען,
און פאָרן אויף אַ בליקן־באַן,
און כאָטש אַ טרוים איז אַ רויך פון קוימען,
איז אַ רויך אַ סימן אַז ערגעץ איז אַ פייערל פאַראַן.

## מיין געבורטסטאָג

ס׳האָט דער ציטער פון דער ערד מיר נאָך אַ יאָר
פון מיין רייפן קאָפּ אַראָפּגעבלאָזן, —
כ׳האָב נאָך איין צאַפּלדיקן, יונגן יאָר
ווי אַ זילבער־פישל צוריק אין ים אַראָפּגעלאָזן.

און איך שטיי אַ דורשטיקעביים ברעג פון לעבן
אין זיין נעץ פון אַלטע יאָרן אויסגעשפּינט,
גרייט דער וועלט איינגאַנצן זיך צו געבן —
אין יעדן פלאַם וואָס מיטן פאַלק מיך ביינדט.

פון יעדן יאָר וואָס גייט פון מיר אַוועק
מאַך איך זיך אַ שטאַלענעם, אַ פעסטן שטיג,
און ביי דעם לעבנ׳ס ברענענדיקן ברעג
לייג איך־אויף די שטיגן, און איך גרייך, און זיג.

איך קלייב די יאָרן אויף ביים לעבנ׳ס ברעג,
ווי אויף אַ שטריק דער פישער זיינע פיש.
איך זויג־אויס דעם ווין פון מיינע פאַרגאַנגענע טעג
און פאַרגרייט אים פאַר מיין מאָרגנדיקן טיש.

מען קען דאָך יעדן טאָג אויף רגע׳ס איילן צעבייטן,
נאָר זיי צעלויפן זיך אין וויטן וועג אַריין.
און כאָטש יעדער טאָג פאַלט אַריין אין ים פון אַלע צייטן —
וועט ער מאָרגן אָבער מיין באַפרייער זיין.

דאָרע טייטלבוים

## ס׳איז מיין סטאַנציע דאָ ניט ווייט

איילט זיך, לויפנדיקע באַנען,
טראָגט מיך אויף די אַקסלען פון דער צייט
איבער פרילינגס לויכטנדיקע לאַנען —
ס׳איז מיין סטאַנציע דאָ ניט ווייט.

טראָגט מיך איבער פעלדער, איבער שטומע,
אין אימפּעדיקן גאַלאָפּ.
לויפט מיך נאָך דער אומעט —
וואַרפט אים פון דער באַן אַראָפּ.

צערייבט מיין בענקעניש אין די מאָטאָרן,
פאַרהילכט איר ליד מיט דעם גערויש,
און לאָזט ניט מיין באַגאַזש מיט יאָרן
זיך קלאָגן אויף דעם וועג פאַראויס.

איך שפּין פון פיינסטע פעדים מיין שיקזאַל,
איך וואַש זיי אין דעם שווייס פון מיינע הענט
ברענגט זיי צו אַ ליכטיקן וואָקזאַל:
ס׳איז נימאס מיר צו וואוינען אין דער פרעמד.

איך וועל מיין סטאַנציע דערקענען,
כאָטש איך בין דאָרט קיינמאָל ניט געווען.
איך וועל מיין סטאַנציע דערקענען —
ווען איך וועל פון דערווייטנס איר דערזען.

איילט זיך, איילט זיך לויפנדיקע באַנען,
טראָגט מיך אויף די אַקסלען פון דער צייט
איבער פרילינגס לויכטנדיקע לאַנען —
ס׳איז מיין סטאַנציע דאָ ניט ווייט.

## אויפן שלייפשטיין

שלייף מיך, לעבן, שלייף און פורעם,
ווי דער ים ביים ברעג אַ שטיין.
עס טראָגט מיך ווילדער שטורעם,
איך בין ים אַליין.

צופּ מיך, לעבן, טו מיר ווי,
מיין טרער פאַרטריקן און פאַרהייל.
אויב דורך שאַרף־שפּיז מוז איך צו מיין ציל דערגיין,
איז מיט זיג מיין וואונד פאַרוויקל און פאַרהייל.

ניט פּרוביר מיך אין דיין נעץ פאַרשלינגען
און ניט פּרוביר אויף מיר מיין פאַנצער ברעכן,
ס'ועט דיר, לעבן, ניט געלינגען —
איך בין אַ מענטש, וואָס יעדן טראָט באַרעכן.

דורך אַ וועג אַ קלאָרן
וועסטו מיך, לעבן, פירן.
כ'וועל צייט דורך ווייטיק לאָזן שפּאָרן,
אָבער ניט פאַרפירן.

דאָרע טייטלבוים

# אַנטוישטע

אין אויגן פון מענטשן אַנטוישטע
קאָפּטשעט אַ צעשמאָלצענע ליכט —
יעדער טאָג אַן איינזאַמער שפּיץ פון אַ קלויסטער;
יעדער פרילינג — אויפן קאַלענדאַר אַ פליך.

דער הימל —אַ ציך מיט פאַרוואַשענע פלעקן,
טריקנט זיך קיינמאָל ניט אויס.
זייערע אויגן שטענדיק מעסטן, שטענדיק פרעגן,
און קוקן ווי לייבן פון שטייגן אַרויס.

# איך בין

איך בין ניט אַ פּעכער
אין די הענט פון לאַנגווייליקע דאַמען,
און קיל ניט געשטייפטע ווייכקייט אין קאַרסעטן.
איך בין ניט אַ בעכער
וואָס נעמט אין זיך אַריין
דעם שלעכטן, ווי דעם גוטן
ווין.
איך בין געשלאָפן ביי מיין מאַמען
אויף שטרויענע בעטן,
איז מיין לייב צו ווייכקייט ניט געוואוינט.
און האָט אַ טאָג
מיט דריי מאַלצייטן מיך באַלוינט,
זיינען אויף דער וואָג
פון מיינע טעג
צעןליידיקע געלעגן.
איך האָב געשפּרייזט
דורך שטעכעדיקע יאָרן
אַ באָרוועסע.
דאָס האַרץ פון דער ערד מיט מיין בלוט געמאָסטן.
האָט יעדער דאָרן
געהייסן זיך באַצאָלן.
נאָר איך האָב ניט געפרעגט:
וויפל עס וועט יעדער טראָט פאַראויס
מיך קאָסטן.
איך גיי און קלייב די חכמה פון דעם לעבן
ווי אַ קאַלענדאַר די יאָרן,
און טוליע ניט מיין לייב
אין ווייכע שטולן זייד.

## דאָרע טייטלבוים

איך בין אַ שפּיטאָל־לאַנצעט
און שנייד
אַלץ וואָס איז פֿויל,
איך באַזינג ניט
גוסס'ע אין בעטן —
פֿאַר'משפּט'ע צום טויט
זאָלן שטאַרבן
אָן לידער פֿון פּאָעטן.
מיין ליד
איז ניט
אַ פעדער פון אַ הוט —
ס'איז פון מיינע אור־זיידעס ביז מיר באַליידיקט בלוט.

אינמיטן וועלט

# אַ ליכטיקע נאַכט

אַ נאַכט אַזאַ, אין וועלכער איך האָב זיך אַליין אַנטפּלעקט.
יעדער שאָטן איז אַנטרונען,
איך האָב זיך אַליין געפונען,
און איך בין אין דער וועלט אַוועק.

איך האָב די נאַכט אין מיין אייגן ליכט געפאַנגען —
די פינצטערניש פאַרטריבן!
האָבן זיך אַלע לעבעדיקע שטערן אַרום מיר אַרומגעקליבן,
האָב איך זיי אויף מיין קאָפּ און מיין קוואַרטאַל צעהאַנגען.

איז אין צער פון שונא'ס אַנפאַל מיר שוין גוט:
איך זע ווי ס'גייט דער רויט־אַרמייער—ווערט מוטיקער מיין טראָט.
ס'איז זיין גאַנג מיין פרייד, און די פרייד — מיין גאָט,
און דאָס ליכט איז מיינס — פאַר זיין מאַרשרוט.

קען איך פון די קייטן איבערבייסן אַלע רינגען,
מיין פויסט פאַרהאַרטעווען ביז פעלזנשטיין;
ווי ווייט די אויגן גרייכן — וויל איך מיט די פיס דערגיין —
מיט איין שפרונג אַ יאָרהונדערט איבערשפרינגען.

קוקט ניט וואָס מיין לייב איז צאַרט און דין,
כ'בין מער קענגן דער וועלט ווי בלויז „אַ פלאַטערל אַ שיינס".
כהאָב דורכגעבראָכן די נאַכט — בין איך שטאַרקער פון דער וועלט
אַליין —
ווען דער רויטער שטערן מיטן מאַרגנשטערן פרייד אין הארצן צינדט.

זע איך ווי עס פלאַצן אַרום מיר די שווערע רינגען,
און איך דערפיל זיך אַזוי פריי און גרויס,
נעם איך דעם ערד־קויל אויף מיין שויס
און באַפעל אים אַלע ימ'ען טרערן צו פאַרשלינגען.

דאָרע טייטלבוים

## צום נייעם יאָר

עליכם שלום דיר, כיטרער, נייער יאָר!
אַ פריילעכע, אַ זיכערע, קום איך דיר אַנטקעגן
מיטן כאָר פון אַלע מיינע יאָרן.
כ׳וועל דיך ניט פרעגן,
וואָס דו ברענגסט אין דיין פאַרהאַקטער פייער־קאַסע —
גליק צי אומגליק?
איך ווייס אַז ביידע
האָסטו.
וועל איך דיך ניט באַגעגענען מיט נאַאיוון בטחון,
ווי מיין באָבע, ווי מיין מאַמע, ווי מיין זיידע,
מיט אויסגעוויינטע אויגן,
מיט צאַנקענדיקע טריט
אין דרייען געבויגן.
כ׳טראָג ניט אויף מיינע ליפּן זייער לויב צום גורל,
און בעט ניט מיין גליק מיט קיין טרערן.
איך פיר ניט מיין לעבן ווי אברהם זיין בן־יחיד צו דער עקדה.
איך בין אויס „כאָליערע־כלה" —
אויס קנס־מאָל מיטן חתן מלאך־המות.
איך בין ניט נישטיקער שטויב.
איך האָב אַליין שעפּער מיט שטויב אין מיינע לונגען
אינאיינעם מיטן שטורעם
אַרונטערגעשלונגען.
אין מיר איז דער שטויב — ווי דער שטורעם — אַ דראָענדיקע מאַכט.
איך וועל ניט בעטן, ניט קניען, ניט קלאָגן.

## אינמיטן וועלט

פון מיין מאַמעס לײדיקע תחינה׳דיקע הענט
האָט דער צאַפּל אין מיינע פינגער זיך אַריינגעציטערט,
האָב איך דעם ציטער איבערן לאַנד צעטראָגן,
און מאָן מיטן פאָלק דעם חוב פון אַלע יאָרן.
איך האָב פאַרברענט אַלע פענטעס, אַלע פּעטליעס
פון מיין לייב און לעבן
און דעם רויך
פאַרלאָשן מיט מיינע לעצטע טרערן.
קום איך דיר אַנטקעגן, כיטרער יאָר,
מיט אַ שטאַרקער האַנט
און מיטן גלויבן פון מיין נייעם, אייזערנעם דור.

דאָרע טייטלבוים

# אין גאַנג

מיין לייב איז צאַרט און דין,
מיינע אויגן זיינען גרוילעך,
נאָר מיין בליק איז גרין.
ניט פיס — לאָקאָמאָטיוון טראָגן מיך —
און ברענגען מיך אין זעלבן אויגנבליק אַהין,
וואו ס׳גרייכט דער אָפּקלאַנג פון מענטשלעכן געזאַנג.
איך וויל מיט יעדן טראָט צעדריקן
אַ שווערן שטיין — אַ שווערן, שוואַרצן טאָג,
וואָס מאַכט דעם גאַנג פון לעבן שווער.
שפּרייז איך זיכער
מיט מיינע גרויסע, ברענענדיקע אויגן דורך די יאָרן,
און מיינע אויגן דינען מיר ווי פאַקלען,
וואָס גייען אויסטיילן לויטער פייער צום גאַנצן לייב און לעבן —
וואָס גוסס׳ט אין קעלערס און אין גריבער.
איך האָב דער וועלט אַ סך צו געבן.
נאָר אַמאָל, אין גאַנג פון שטייניקן מאַרשרוט,
צעווייגט זיך אין מיין האַרץ אַ צעל,
ס׳צעשפּילט זיך שאַרף דאָס בלוט,
ס׳ווילט זיך אויפהייבן ביים ברעג פון ים אַ לויכטנדיקע קרעל,
און אויספּוצן מיין ברוסט:
עפּעס מיטנעמען אין לאַנגן וועג פאַר זיך אַליין זיך גלוסט.
נאָר איך וואָג ניט בלייבן שטיין.
כ׳האָב מורא טראַכטן איצט פון זיך,
שטיל איך אין מיין ציטערדיקן צאַפּל און גיי פאָראויס
און גרייך צום ציל.
ווען עס גייט דאָס לעבן אויף אין פלאַמען,
לאָזט זיך אַ קליינער צאַפּל צאַמען.

## ליכטיקער באַגינען

צעפּראַל, צעעפן זיך, ברייטע גאַסטפריינדלעכע טיר,
לאָז דעם ליכטיקן פרימאָרגן אַריין צו מיר!
איך בין אַ פריילעכע היינט אויפגעשטאַנען,
צעגומען די שלעסער פון מיין ברוסט,
און זאָל מיין בלוט מיט זון זיך שפּילן.
קום, בלוי־גאָלדענער באַגינען,
כ'וועל מיט פרייד באַצאָלן דיר,
מיט אָרקעסטערס לאַנגיאָריקן געלעכטער.
קום און וועך דער וועכטער
פון נעכטיקע טרערן און מאָרגנדיקן גליק.
זאָל דיין יעדער קלאַנג
זיין אַ זילבער גלאָק
אויפן האַלדז פון יעדער כמאַרעדיקער שעה.
און איך —
די גרענעץ צווישן שוואַרצער און ליכטיקער מאַכט.
וועל איך מיט יעדן פיצל פרייד, ווי אַ קנויל טוי,
זיך אַריינקייקלען אין אויסגעוואַשענעם באַגינען
און היטן דעם טאָג.
ווען עס נעכטיקט נאַכט ביי מיר
און בלייבט הענגען, ווי שאָטנס פון געלינטשטע נעגערס אויף מיינע
ווענט.

צעעפן איך די טיר,
צעציגד זיי מיטן פלאַם פון גרויסן טאָג,
און קער אויס דעם אויסגעברענטן אַש
מיט אַ בעזים לויכטנדיקע שטראַלן
און צעפּראַל מיין ברייטע גאַסטפריינדלעכע טיר
און לאָז אַריין
דעם גאַנצן טאָג צו מיר.

דאָרע טייטלבוים

## הינטער שלעסער

ווער בלעטערט די בלעטער פון מיין לעבן?
ווער קלאַפּט אין מיין האַרצן אַזוי הויך?
ווער האָט מיין בלוט אַ שטויס געגעבן?
פון וואַנען נעמט זיך צו מיר אַזויפיל כח?

אפשר האָב איך דעם שטורעמדיקן ים פאַרשלונגען,
זיין אימפּעט אין מיין לייב פאַרשפּאַרט;
אפשר גאָר אין יעדן זופּ פון מיינע לונגען
האָב איך אַ מדבר־ווינט צו זיך אַריינגענאַרט?

ווער זינגט? ווער שטורעמט אַזוי אין מיר?
ווער רעדט פון יענער זייט הויט׳
ווער שטשיפּעט דעם שלאָס פון מיין האַרצנ׳ס טיר?
האָבן פייגל אין מיין ברוסט אַ נעסט געבויט?

ווער האָט זיך אין מיר אַזוי צעשפּילט?
האָט דער פרילינג פאַרגעסן זיין שליסל אין מיין ברוסט?
ווער מיינט, אַז די קלאַווישן זיינען איינגעשטילט,
און ס׳האָט זיך אים אויספּרובירן זיי פאַרגלוסט?

# אינמיטן וועלט

דאָס איז דער טאַקט פון מיין איביק געזאַנג.
איך זע מיין ברוסט, ווי אַ לבנה פון גליק זיך וויגן.
שמיר איך מיט פרייד די רעדער פון מיין גאַנג
צו קלעטערן לייכטער מיט מיין ליד איבער קרומע שטיגן.

פון דעם פאָלק׳ס פידלען האָב איך דאָס געזאַנג אַרויסגעוויגן,
פון אַלע זיינע דורות דעם גלויבן איינגעזאַפט,
דערפאַר פלאַקערן מיט נצחון מיינע אויגן,
און מיין האַרץ ווי אַ דינאַמאָ קלאַפּט.

דאָרע טייטלבוים

# זאַלבעדריט

(טרייענגל)

מיר זיצן אין מאַשין זאַלבעדריט.
זיין אָטעם האָט מיינע אויגן צוגעמאַכט.
מיין האַרץ ווי אַ יונגער בוים אין צוויט
האָט מיט גליק צעעפנט די קנאָספּן פון דער נאַכט.

די מאַשין לויפט. הערצער ווילן רעדער איבעריאָגן.
שטיל. ס׳רעדט דער ציטער פון די שפּיץ פינגער.
טענער צו מיינע אויערן זיך טראָגן —
אַ כאָר פון צען טויזנט זינגער.

ער האַלט מיט זיכערקייט די ראָד.
און ער — מיין האַרץ אין זיינע הענט.
ס׳ווערט אַן אַלטע שעווי אַ נייע וואונדער־שטאָט,
און זיינע אויגן אין יעדן ציגל פון די ווענט.

מיין קאָפּ ווערט פון פרייד מיר מיד,
און שפּאַרט זיך אָן אין הימל מיט די שטערן,
מיין ליבע זינגט אַ שטילע סאָלאָ ליד.
שטיל. ס׳זאָל די נאַכט מיך ניט דערהערן.

אינמיטן וועלט

## איך וויל דיר אַלעמאָל געפעלן . . .

אין יעדער רגע פון דעם טאָג וויל איך דיר אויפסניי געפעלן,
און אויף אייביק דיר אַ גוטע בשורה זיין.
מיט מיין בליק די גאַנצע וועלט פון דיר פאַרשטעלן,
כדי עס זאָל איר צער צו דיין אויער ניט דערגיין.

כ׳וויל זיין אויסגעפוצט אין העלער לויכטנדיקער פרייד,
און מיט זון אין מיינע אויגן קומען דיר אַנטקעגן,
און ווי שטורעם־כמאַרעס — די זאָרג פון דיר פאַרטרייבן,
דיך דערפרישן ווי אַ בוים דער זומער־רעגן.

נאָך יעדן דורכפאַל און נצחון
וויל איך צו דיר קומען שטילערהייט,
און דו זאָלסט פאַרמעקן אויף יעדער בלאַט דעם אינדערוואַכן
און ריידן צו מיר שטיל, אָן רייד.

איך צעגיי ווי שניי אין דיינע הענט,
און דו ווערסט אויפדאָסניי אין מיר געבאָרן.
איך האָב אַ פייער־ים אין דיין בליק דערקענט,
וואָס צעשמעלצט אַלע פרעגנטן פון מיינע שטייפסטע יאָרן.

ווערט מיין מויל אַ שטומע, שטילע גאַמע,
קעגן אַלע טענער פון מיין זינגענדיקן רייץ,
און מיין בלוט — אַ צעעפנטע דאַמבע,
וואָס האָט מיין לייב מיט פרייד פאַרפלייצט.

דאָרע טייטלבוים

## מיר וואַשן אויס די זאָרגן אין דער נאַכט

מיר זיצן אויף אַ באַנק זאַלבעצאַנד.
צווי לבנות האָבן זיך אין ים צעלאַכט,
און צעבראָכן אונדזער איזערנע וואַנט.
גיבן מיר זיך די הענט דורך שפּאַרונעס פון דער נאַכט.

מיר לויפן פון דעם נעכטן זאָרגלאָזע אַוועק,
און פאַרוואָרפן אויפן מאָרגן אונדזער שטריק.
וואַשן אויס זיך אין אונדזערע טרערן אַלטע טעג,
און לויכטן ווי בורשטינען פון פאַרצייטן גליק.

ווער דאַרף די ליכט פון קליינע צאַנקענדיקע שטערן,
אַז דיינע אויגן — טויזנט ברענענדיקע זונען.
איצט וויל איך אַ כמאַרע ווערן,
דיך איינזאַפּן — ס'זאָל דיך קיינער ניט געפינען.

מיין ליבע איז פריש צעאַקערט ערד,
שליגנט אין יעדן קוש, ווי פעלד פאַרזייטן קאָרן,
ווערט יעדע נייע רגע מיר אַ שווערד
וואָס שניידט אָפּ פון היינט די פריערדיקע יאָרן.

## דיינע אָרעמס

דיינע אָרעמס האָבן מיך אַרומגענומען —
טויזנט שטיגן הייבן מיך צו די הימלען.

דיינע הענט — יונגע, שטיפערישע צווייגן —
נעמען מיט פרילינגדיקער פרייד אַ יונגן בוים אַרום.

איך הער סימפאָניעס אין דיין שווייגן,
איך זע דיך אַ צעשטראַלטן אומעטום.

דיין ברוסט — מיין פריש־צעבליטער טאָל —
שמעקט מיט יונגע קאַלאַשינע גראָזן.

איך — אַ לאָשעק אויף דער פּאַשע צום ערשטן מאָל —
וויל קיין גרעזעלע ניט איבערלאָזן.

דאָרע טייטלבוים

# בענקשאַפט

מיינע אָרעמס — טירן צעעפנט ברייט —
וואַרטן שוין אויף דיר פון לאַנג.
אין מיינע אויגן די זון פאַרגייט,
נאָר אין דיינע זע איך איר אויפגאַנג.

ס'איז מיין יעדער טאָג אַ בוים
מיט טויזנט גרינע בלעטער.
מיין יעדע נאַכט — אַ טרוים
וואָס וויל ניט וואַרטן אויפן שפּעטער.

עס שווימען ווי כוואַליעס מיינע יאָרן
און טראָגן מיך ווי דער ים אַ שיף.
איך בין אַזויפיל מיילן אָפּגעפאָרן
און ניט געזוואוסט פון מיין האַרץ די טיף.

איך מעסט יעדן טאָג די שטרעקע צווישן אונדז
און טראַכט: עס איז אַ שפּאַן.
איך ווייס אַז בלויז אַ וואונטש
איז שנעלער פון דער שנעלסטער באַן.

כ'בין אַ סאַסנע מעכטיק, שטאַרק,
מיין פויסט איז האַרטער פון דעם האַרטסטן שטיין.
כ'וועל דערגרייכן דעם שפּיץ פון העכסטן באַרג —
נאָר שווער איז מיר צו גיין אַליין.

ווי אויסגעשטאַנענע רייפע קאַרשן
הענגען אויף מיינע ליפּן צאַרטע רייד.
פאַלן זיי אַראָפּ און שטאַרבן —
ניט אַרויסגעזאָגטערהייט.

## אינמיטן וועלט

### די פרוי

כ׳וואָלט וועלן פאַר דיר אויגן זיין.
דורך מיר זאָלסט קוקן אויף דער וועלט.
און נאָר דורך מיר, דורך מיר אַליין
זאָלסטו דערזען דעם וואונדער וואָס דיר פעלט.

די גאַנצע גבורה פון דער גרויסער שטאָט
זאָלסטו פילן אין מיין יעדן ביין,
און דעם ענטפער אויף דיין טיפסטן סוד
געפינען זאָלסט דורך מיר אַליין.

דאָרע טייטלבוים

# מ י י ן   ל י ב ע

**באַגינען.**

**טויזנט שטערן שווימען אום אין מיינע אויגן.**
**דורך אַלע שטערן — ג י י ס ט ו .**

## ליג איך און רו

פריילעכע, וואַרעמע וואַסער נעמט מיך אַרום,
און איך — אַ לאַנגער זילבער־פיש —
די זאַרג, ווי די קליידער, אויף יענער זייט וואַנע —
ליג איך און רו.
כ׳בין מער ניט מיד.
היימישע כוואַליעס גלעטן, צערטלען אויס
מיין יעדן גליד.
צעבלאָז איך אַלע זייפנבלאָזן פון פּוכיקן וויג
און שפּיגל זיך אין טויזנט ליכטנדיקע אויגן
פון שטיקער רעגנבויגן.
איך טונקט זיך אין דער וואַרעמקייט
און זינק אַראָפּ —
עס שווימט מיין קאָפּ
ווי אין טייך אַ גרויסער עפּל.
די וואַסערן פאַלן אַרויף אויף מיר
מיט טויזנט וואַרעמע פאַר הענט און שפּילן זיך מיט מיר
און דריבגען, דרינגען דין
אונטער מיין הויט,
שווימען מיינע צוויי וואַסער־ליליעס —
טונקען זיך אונטער, שווימען אַרויף
און צאַפּלען פון וואַרעמען נחת.
דער קראַן איז אָפן.
קאַפּען הייסע טראָפּנס
און וואַרעמען אויס דעם טרוים
פון מיין האַלב־פאַרשלאָפן לייב.

## דאָרע טייטלבוים

# צום מאַן

וואָרצל פון מיין שטאַם,
פייערדיקער באַגער:
מיט דיר בין איך אַ פריידים,
אָן דיר — אַן איינזאַמע טרער.

מיין זכיה —
ברענגען דורות מיט דיר צוזאַמען,
טראָגן אין זיך די מענטשלעכע זריעה —
זיין דער וועלט אַ מאַמע.

כח פון געבערן,
זון פון פון מיין העלסטן טאָג,
דיר וועט אייביק געהערן
יעדעס פיצל גליק וואָס איך פאַרמאָג.

פון מיר צו דיר מיין ליד,
פון דיר צו מיר געזאַנג און דראַנג פון לייב.
כ'וועל קיינמאָל ניט ווערן מיד
צו זיין דיין ווייב.

## אינמיטן וועלט

# ק ו ם

דיינע אויגן — שיפן צוויי —
שווימען מיטן שטורעם פון מיין רויטן ים.
פרעגסט מיך שווייגנדיק
צי ס'איז כדאַי
אַ שפּיל טאָן זיך מיט מיינע וועלן,
גלאַט אַזוי,
ווייס איך ניט געװוי.
איך בין אַ ים
מיט טויזנט ברעגן
וואָס ציען אַריין אין זיך דעם הימל מיט די שטערן.
אין מיין טיפעניש
שלאָפט אַ שטאָט אַ ניט־געבאָרענע,
אויף מיינע שפּיצן פינגער
שלאָפן לבנות, אין מיין טרוים פאַרלאָרענע,
און וואַרטן
זאָלסט עפענען דעם טויער
פון מיין היינט.
און דו פרעגסט מיך שווייגנדיק
צי ס'איז כדאַי.
אויף מיינע שפּיץ־פינגער וואַרטן אויגן ניט־געבאָרענע.
קום!
שנייד
די נאָך קיינמאָל ניט געשאָרענע
שעה'ן.

## דאָרע טייטלבוים

### ים

ים און איך ווי שוועסטער צוויי —
אין זיין אימפעט הער איך מיין ליד.
פונקט ווי ער איך גיי און גיי
און ווער, ווי ער, קיינמאָל ניט מיד.

כ׳צי אויף ים ווי סטרונעס אויס מיין יעדן גליד,
און דערנענט די ווייטסטע ווייט.
איך נעם די שטאָט, איך נעם די ברעגן מיט
און שליגג אַראָפּ דעם זייגער פון דער צייט.

ים — אַ בוך מיט אַכציק טויזנט בלעטער,
שטענדיק לייענט, שטענדיק מישט ער,
שטענדיק זוכט ער, שטענדיק רעדט ער,
פון פרי ביז שפּעט נאָר ער נישטערט.

ים איז אמת, ים איז נאַקעט,
ניט פאַרפּוצט אין קיינע קליידער.
ווי דער פויער שטענדיק גראָבט און שטענדיקט אַקערט,
ווי אַ זייגער שטענדיק גייט ער.

ים און איך ווי שוועסטער צוויי —
אין זיין אימפּעט הער איך מיין ליד.
פונקט ווי ער איך גיי און גיי
און ווער ווי ער קיינמאָל ניט מיד.

# ש ו ו י מ ע נ ד י ק

אויסגעבעט זיך פון כוואַליעס אַ געלעגער,
אַ וואָרף געטאָן מיין פּעקל פרייד אויף אים.
עד — שווים מיין יוגנט, שווים
מיטן שטורעם, מיט די כוואַליעס, מיטן ים.
טראָג מיך, טראָג שטורעמדיקער, מענלעכער ים,
נאָר ווייז מיר ניט דיין טיפע טיף —
איך קען אַליין דיין האַרץ, ווי איך קען דיין שטורעם
און דיין קול:
מיר איז אויף דיין אויבערפלאַך געראַם,
ווי אַ יאַכט־שיף וויל איך טאָג און נאַכט
זיך וויגן אויף דיין ברייטער ברוסט,
און שווימען, שווימען
נאָר פאָראויס — שווים איך און שנייד איין שניטן
אין דיין קאַלטן צעגאָסענעם שטאָל,
און מיט יעדן שטויס פון מיינע נייגעריקע פיס
שטופּ איך אָפּ די האַרטע שטאָט ניו־יאָרק פון זיך.
כוואַליעס — כוואַליעס — ים!
ווען איך זאָל מיט אייך זיך קענען בייטן!
ווען איך זאָל ווערן ים'יקע מאַכט
וואָלט איך אַלע שטערן איינגעשלונגען
און אויסגעטראָגן נאָך אַ זון
און אויסגעבונדן, און צוגעבונדן און איינגעבונדן
טאָג אין טאָג.
טראָגט מיך, כוואַליעס,
גלעט מיך, גלעט מיך — בלויע כוואַליעדיקע הענט,
וויקלט מיך אין הימל־בלוי, אין ים־בלוי —
שטאַרק און צאַרט און צאָרנדיק און שטיפעריש,
ווי מיין ליבער ליבט מיך — אָט אַזוי!

## דאָרע טייטלבוים

# מיין שרייב־מאַשין

שטילע, שוויגנדיקע שרייב־מאַשין!
ווי אַ געליבטער ביסט מיר נאָענט.
שעה'ן־לאַנג זיץ איך ביי דיין „אוצר מאַגאַזין",
און זוך, ווי אַ קראַנקן־שוועסטער אַ פאַרוואונדעטן אויפן פראָנט.

ווי קינדער, וואָס קלאַפּן אויף אַ פאַרשלאָסענער טיר
פון אַ פאַר'חתמ'עטן, ברענענדיקן הויז,
אַזוי קלאַפּן מיינע פינגער אויף דיר,
מיין פרייד, ווי מיין אומעט אויס.

אין פאַרבענקטע, אומרואיקע נעכט:
ווען פון מיין ברוסט זיך רייסן לידער,
נעם איך דיך אַריין אין בעט,
און ציטער אויף דיר אויס מיין צאַרטסטן, צאַפּלדיקסטן ציטער.

ווי פאַרליבטע דורך אַ האַנט־דרוק,
רעדן מיינע פינגער זיך מיט דיר צונויף,
און דו, ווי אַ געטרייער הונט, שטיל און קלוג
קוקסט צו מיר מיט צוואַנציק פאָר אויגן אַרויף.

אין מיינע אויגן וואָסערפאַלן רוישן
און צערייסן אַלע שלוזן, אַלע פראַמען אין מיר,
און דו נעמסט דעם וואונדער, אַט דעם גרויסן
און צעפלאַנצסט אים אויפן פעלד פון מיין פאַפיר.

# אינמיטן וועלט

שוואַרצע, שטומע צונג:
אַ וואַלד צעגרינט מיין יעדער פינגער־ריר,
און דו, ווי איך, ווערסט לעבעדיק און יונג
פון יעדן שטורעם, וואָס ברויזט אויף אין מיר.

ביסט אַ קליינע וואונדער־באַן.
ברענגסט מיך ביז עק־וועלט — אין שטעט מיט לייד און פרייד:
וואו נאָר ס'איז אַ אידיש האַרץ פאַראַן,
הערן אַלע ווי איך רייד.

דאָרע טייטלבוים

# מיינע יאָרן

איך האָב מיינע פאַרגאַנגענע יאָרן
ווי אויסגעגעבענע קינדער אין דער וועלט אַריין צעשיקט.
זיי זיינען זיך איינציקווייז צעפאָרן —
קיינמאָל ניט אומצוקערן זיך צוריק.

יעדעס יאָר אונטער מיין פרייד זיך באַהאַלט
און ווערט פאַר אַלעמען אַ סוד,
פאַרשווינדנדיק אין טיפן צייט־וואַלד —
ווי אַ שפּיז אין אַ לויפנדיקער ראָד.

מיינע יאָרן — אָפּגעריסענע קאָמעטן —
קילן זיך ערגעץ אין אַלטע קאַלענדאַרן,
נאָר אויף מיין פּנים טראָג איך זייערע פּאָרטרעטן
ווי צעלויכטענע פאַנאַרן.

יעדער טאָג — אַ נייע נעסט אויף מיין יאָרן־בוים,
יעדע שעה — אַ נייע שווערד
וואָס העלפט פאַרווירקלעכן מיין טרוים,
וואָס מיט יעדער רגע ווירקלעכער ווערט.

מיין פּנים — אַ מאָפּע פון יאָרן,
צעאַקערט, צעגראָבן, צעווירעט.
יעדער קאָרב — אַ מייל אָפּגעפאָרן,
יעדער קנייטש — אַ נייע סטרונע פון אַ לירע.

## אינמיטן וועלט

כ'האָב אויף יעדן יאָר אַן אַדרעס פאַרקריצט
און געשיקט צו אַ זיכערן ציל.
כ'האָב יעדן יאָר ווי אַ פאַסטוך אַ פייפל געשניצט —
און שפּילן וועט עס ווי איך וויל.

איך האַלט אַלע יאָרן, ווי שליסלען פון טירן,
געשמידט און געקייטלט אין רינגען,
וועלן זיי מיך צו אַ טויער דערפירן,
וואו ס'וועלן מיינע מאָרגנס מיך באַגעגענען און זינגען.

# אינהאַלט:

זייט

שער־בלאַט צייכענונג פון וויליאַם גראָפּער

## פון שלאַכטפעלד


מאָביליזאַציע ........ 5
אַ מתנה צו אַ רויטאַרמייער ........ 7
אַ בריוו פון שלאַכט ........ 9
דער רויטער אָדלער ........ 11
הונדערט משכנות ........ 13
נ י נ אַ ........ 17
מאַטווי קוזמין ........ 21
דער סיגנאַל ........ 26
דער קאַפּיטאַן ........ 31
אין אַ נאַכט אַזאַ ........ 33
אייביקע בלומען ........ 34
מאַשאַ פּאַרטיזאַנקע ........ 35
שניי אויפן שלאַכטפעלד ........ 38
פרילינג 1943 ........ 39
צום אייביקן וואַנדערער ........ 41
ברידער באַפרייער ........ 42
אין מיטן וועלט ........ 44
מלחמה וויגליד ........ 45


## פון ניו־יאָרק


מיין בראָנזווילער היים ........ 49
אַ בראָנזווילער שער ........ 51
אין לואיסאָן סטאַדיום ........ 54
דזשים דער דזשענעטער איז טויט ........ 56
ביי אָלגינ׳ס קבר ........ 58
שאַיע גענעראַל ........ 60
מיין שאָפּ ........ 64
וועלט — ווי שיין דו ביסט ........ 66

# דאַרע טייטלבוים

## פון צער


מיין קינדהייט ........ 71
די באַלאַדע פון אַ פרישן לאַבן ברויט ........ 72
דער קאָרידאָר ........ 75
זיבן רויטע רויזן ........ 78
מיין היים ........ 80
עס ציען זיך ווי סמאָלע שטיקער אינדערוואַכן ........ 81
מיין סאָפּע ........ 82
די זון אין מיין שפּיגל ........ 84
מ ע נ ע ר ........ 86
ה ו נ ג ע ר ........ 87
דיין ליבע ........ 88
איך האָב היינט אומזיסט געוואַרט אויף דיר ........ 89
ט ר ו י מ ע ן ........ 90
מיין געבורטסטאָג ........ 91
ס'איז מיין סטאַנציע דאָ ניט ווייט ........ 92
אויפן שלייפשטיין ........ 93
אַנטוישטע ........ 94


## פון פרייד


איך בין ........ 97
אַ ליכטיקע נאַכט ........ 99
צום נייעם יאָר ........ 100
אין גאַנג ........ 102
ליכטיקער באַגינען ........ 103
הינטער שלעסער ........ 104
זאַלבעדריט ........ 106
איך וויל דיר אַלעמאָל געפעלן . . . ........ 107
מיר וואַשן אויס די זאָרגן אין דער נאַכט ........ 108

## אינמיטן וועלט


דייַנע אָרעמס ........ 109
בענקשאַפט ........ 110
די פרוי ........ 111
מייַן ליבע ........ 112
ליג איך און רו ........ 113
צום מאַן ........ 114
קום ........ 115
ים ........ 116
שווימענדיק ........ 117
מייַן שרייב־מאַשין ........ 118
מייַנע יאָרן ........ 120